## פונעם אווטאָר

אין דער דאָזיקער זאמלונג זײַנען אײַנגעשלאָסן דערציילונגען פון פארשיידענע יאָרן (אָנהייבנדיק פונעם 1928 יאָר).

איך וויל האָפן, אז די בילדער פונעם אָנשטויס פון דעם אלטן שטייגער מיטן נײַעם אין די ערשטע דערציילונגען פון דעם בוך וועלן אויך פאָרשטעלן א געוויסן אינטערעס, פונקט ווי די נאָוועלן וועגן דער נײַער סאָוועטישער שטאָט, וועגן די נײַע סאָ־וועטישע מענטשן, וואָס ווערן געשילדערט אין די שפּעטערדיקע דערציילונגען.



# א האַרצאַפּוועסלעס

## דער ארויספאַר

הילצערנע טשוועקלעך, אז מע פּרעגלט זיי אביסל צו, קלאַפּן זיי זיך בעסער אריין, אז מע פּרעגלט צו מיט א לידל, ארבעט זיך בעסער.

כעוורע שוסטער קלאַפּן די צוגעפּרעגלטע טשוועקלעך אין זויל אריין; אנדערע רײַבן מיט גרויס קאוואָנע די וויקס פון אָפּצאַס און מע זינגט זיך — ווער הויך אף א קאָל, און ווער עס האָמזעט אונטער דאָס לידל, וואָס מוישקע קאַפּילאָוו האָט אָפּגעדרוקט אין וואנט־צײַטונג פון קאָלעקטיוו.

אונדזער לאָזונג — אַלע ווײַבער
זאָלן אין פּראָדוקציע זײַן,
אַלע שוסטער האָבן ווײַבער
און ווער עס האָט ניט — כאַפּט אַרײַן!

די לעצטע ווערטער פון דער אגיטקע האָבן זיך טיף פארקליבן צו הענעך פּאַטשורען אין די אויערן. הענעך פּאַטשורע איז א שוסטער ווי אַלע, נאָר קיין ווײַב האָט ער ניט, און קלערן קלערט ער — אז א ווײַב באדאַרף מען טאַקע האָבן.

— א פּאָר שיך קאָסטן 12 רובל, וואָס איז ווערט איין שוך? — קיין הילצערנעם משהעקל ניט ווערט, מע מוז האָבן א פּאָר.

האָט לעצטנס פּאַטשורע געגומענ טאָקע אויסקוקן פאר זיך א מיידל.

פּאַטשורע האָט לאַנג ניט געקליבן. סטאַשקע די אופראַמערן איז אים געפעלן געוואָרן. איז צוליב וואָס ציִען "עס?

האָט ער איר דערקלערט זיין ליבע גאַנצ פּאָשעט:

— הער זיך איין, סטאַשקע, האָסט א ליבהאָבער?

— יאָ, — האָט זיך אויסגעפּיינט סטאַשקע.

— א ליבהאָבער האָסטע, מיינסט דאָס מיך מיסטאָמע.

און אזוי ווייטער און ווייטער. פּאַטשורע דאַרפ א וואָרט מיטן שפּאַנדער ניט שלעפּן.

אין וואַרשטאַט האָט מען זיך גלייך דערוווּסט וועגן דער נייער פּאָר. מוישקע קאַפּילאָוו האָט גלייך אופגעשטעלט א לידל וועגן דעם. פאר פּאַטשורע — א גראַם „צורע", נאָר פאר סטאַשקען?

אלע לאַכן אונטער פון פּאַטשורען, נאָר פּאַטשורע לאַכט פון אלעמען.

פאר דער לעצטער צייט האָט פּאַטשורע אָנגעהויבן אויסזען כּאָסנדיק. די אויגן האָבן בא אים באַקומען א גלאַנצ, פונקט ווי מע וואָלט זיי איבערגעבערשטלט מיט שוואַקס, און די האָר אפן קאָפּ זיינען געוועזן צוגעקאַמט מיט א געהעריקן שרונט אינמיטן.

ער גייט מיט סטאַשקען אין גאָרטן שפּאַצירן און האַלט זי פעסט אונטערן אָרעם. זיי גייען און קוקן אפ דער לעוואָנע, און פּאַטשורע קוויקט זיך:

— איי, סאַראַ שיינע לעוואָנע היינט איז!

און די לעוואָנע איז טאָקע שיין, און זעט היינט אויס ווי א קאַלע. רויט און פול ווי סטאַשקע.

זיי האָבן זיך פאַרטיפט אין א געשפּרעך און ניט באַמערקט

אפילע, ווי שווארצע וואָלקנס האָבן פארדעקט די קאַלע — לעוואָנע מיט א שווארצן כופּע־דעקטוך (לויטן אַלטן שטייגער, וואָרעם גאָט אין הימל וויל ניט וויסן פון קיין נייעם).

זיי האָבן זיך אוועקגעזעצט אַף א באַנק, פאַנאַנדערגערעדט זיך, אויסגערעדט זיך און ניט געוווּסט וואָס צו ריידן ווייטער. איז אָבער ניט גוט צו זיצן און שווייגן. אָט גייען פארבייגייער און זיי ריידן קעסיידער. בא זיי ווערט, דאַכט זיך, קיינמאָל ניט אויסגענומען זיך קיין פאָדעם צו ריידן.

ער דערמאָנט זיך אָן דער לעוואָנע.

— איי, סאַרא לעוואָנע היינט איז!

סטאשקע האָט א קוק געטאָן אַפן הימל. און די פארבייגייער, וואָס האָבן דאָס געהערט — אויך. שווארצע וואָלקנס אַפן הימל. ניטאָ קיין לעוואָנע.

די פארבייגייער האָבן אים מאָדנע באטראַכט און זייַנען ווייטער אוועק. בא סטאשקען איז אָבער געווען רעכט אזוי אויך.

## פּאַטשורעס הארץ האָט וועסלעס

איידער סטאשקע איז געווען פּאַטשורעס ווייַב, פלעגט ער זיך אָפּט צוכאַפּן צו איר נאָך דער ארבעט און שטאַרק א קיצל טאָן איר אין זייַט. זי פלעגט זיך הויך צעהירזשען.

— המ... איך לאַך פון דעם!

איצטער — גייט ער נאָר צו איר צו, נעמט זי יענטשען. וואָס וויל זי, סטאשקע?..

— זי וויל צוגיין צו איר מאַמען. —

— איז ווער לאָזט דיך ניט?

סטאשקע האָט זיך שוין פון לאַנג גענומען קלאָגן. זי זאָגט, אז זי קאָן ניט צוגיין צו איר מאַמען. זי קאָן זיך ניט ווייַזן פאַר אירע

אויגנ. איר מאמע איז געווענ א זאָגערקע, א „ווילגעלערנטע" יידענע. איז ניט געווענ פונ וואָס צו לעבנ, האָט זי אָפּגעגעבנ סטאשקענ אפּ ארבעט, נאָר איצטער, אז פּאטשורע האָט זיכ „פארשריבנ" מיט איר טאָכטער אונ ניט כאסענע געהאט, האָט זי איבערגעגעבנ דורכ א צווייטער יידענע:

— זאָגט איר, אז איר טאכשיט איז ניט קיינ קיסלאָמאָליעצ, מאָג ער מיט איר כאסליערע האָבנ, אונ ביז דאנ וויל איכ אירע אויגאנעס ניט אָנזענ... ווי זאָגט מיינ ברודער, דער ראָוו...

סטאשקע איז געווענ צוגעבונדנ צו איר מאמענ מיט א קעלבערנער ליבע. ווי א קאַלב, וואָס כאפּט טאקע פונ אַלצ קעלבערנע היספּיילעס, נאָר זי מוז פילנ די מאמע הינטער זיכ.

עס זאָל אָבער זיינ א כאסענע — האָט זי ניט געקאָנט אויספירנ, ווייל בא פּאטשורענ פלעגט טרעפנ, אז ער פלעגט ווערנ מיטאמאָל אנ אקשנ, אונ אז ער האָט אויסגערעדט א וואָרט, האָט ער בעשומויפנ ניט געוואָלט אָפּטרעטנ.

אזוי איז געווענ מיט א כאסענע. ער האָט ניט געוואָלט שטעלנ קיינ כופּע. מע וועט זאָג לאכנ פונ אים: דער שוסטער-קאָלעקטיוו, די וואנטצייטונג...

ער איז אָבער געווענ ווי א זויל. לעכאטכילע איז ער הארט, מע דארפ אים אָבער אָנווייקנ, שמידט ער זיכ. נאָכ דער כאסענע איז ער שטענדיק געווענ אָנגעווייקט אונ איז געלעגנ בא סטאשקענ אינ די הענט.

פּאטשורעס טאטע — פייטל פענכער — איז געווענ א ייד א גאזלענ. ער פלעגט שלאָגנ אפּ וואָס די וועלט שטייט. (האָט זיכ טאקע פּא-טשורע געוווּנדערט, אפּ וואָס כאר א טייל האָט מענ גענומענ אונ אוועקגעשטעלט א וועלט).

פּאטשורע האָט געדארפט פינקטלעכ אויספילנ זיינע באפעלנ אונ קאפּריזנ. אזוי איז ער אויסגעוואָקסנ אָנ אנ אייגענעם ווילנ, אונ ניט האָבנדיק קיינ ווילנ, האָבנ צוויי וועסלעס געקערעוועט זיינ וואסערדיק

הארץ. אף איינער — דער שוסטער־קאָלעקטיוו מיט דער וואנטצײַטונג, און אף דער צווייטער — סטאשקע מיט דער מאמען...

אַן אנדערש מאָל פלעגט ער מעקאנע זײַן זײַנע כאַווײרים שוסטער־קאָמיוגיסטן — בא זיי איז א מאָטאָר אין הארצן, וואָס ארבעט גלײַכ־מעסיק און רודערט.

בא אים איז אָבער צוויי ווערלעס, און אף איינער סטאשקע מיט דער מאמען,—די טראַגעדיקע סטאשקע אין די הויכע כאדאָשים, וואָס האָט גענומען איצטער אורלויב און וואָס לאָזט ניט זײַן ווערלעדיק הארץ שווימען מיטן שטראָם.

זי האָט איצט פארפירט מיט אים א שמועס:

— אז זי וועט האָבן א יינגל, וועט זי אים געוויס מאָל זײַן, דאָס וועט זי שוין ניט דערלאָזן.

ווען פאטשורע האָט געפרווווט זאָגן, אז ער וועט ניט לאָזן מאכן א בריס, האָט סטאשקע געענטפערט אנטשלאָסן:

— וועל איך אינגאנצן ניט האָבן...

נאָך א פויזע האָט זיך פאטשורע ארויסגעכאפט:

— סטאשקע, קאָנסט דאָך גאָר האָבן א מיידל!

סטאשקע האָט זיך א וויש געטאָן די אויגן:

— נו, טאקע...

פאטשורע האָט זיך פארקלערט. גוט איז צו האָבן א יינגל. אָבער ניין, אזא פארדרייעניש וועט זײַן זאָל שוין בעסער זײַן א מיידל.

דעם אָוונט, וואָס סטאשקע האָט געדארפט האָבן, האָט פאטשורע ניט געקאָנט אײַנזיצן אינדערהיים. ער איז געזעסן אין קלוב, געשפילט אין דאָמינאָ און געקלערט, וואָס פאר א פאטשורקעלע וועט זיך עס ווײַזן: א יינגל צי א מיידל? וואָלט ער זיך פריִער פאר־טראכט, אז סטאשקעלע וועט מאכן א טומל, וואָלט ער גאָרניט דערלאָזן דערצו, וואָלט ער גאָר די „באשטעלונג“ ניט געמאכט, אָבער איצט איז פארפאלן...

און קומענדיק אהיים, האָט ער האסטיק געעפנט די ביר און האס־טיק געפרעגט:

— א ייִנגל, צי א מיידל?

— א ייִנגל! — האָט מען אים אָפּגעבאָמבעט.

געהאט א ליאַלקע א ייִנגעלע. סטאשקע האָט זיך אָנגעלייגט אַף איר וועסלע, און סטאשקעס וועסלע האָט פארקערעוועט פאסשורעס הארץ. ער האָט נאָכגעגעבן, ווײַל ער האָט ניט געקענט זיך קעגנ־שטעלן. האָבן זיי געמאכט א באראטונג און באשטימט:

— מאָרגן, דינסטיק, מאכן א הוליאנקע פארן קאָלעקטיוו, און דערנאָך — בעסאָד, א בריס...

## פריילעך, לע..ריק טרינקען מיר ביר

בא פאסשורען איז הײַנט פריילעך, ווײַל כעוורע שוסטער קאָנען זײַן פריילעך, ווײַל א נעשאָמע איז פאראן איינע, א פּילפּיסיקע נע־שאָמע — אַף הילצערנע טשוועקלעך געקלאפּטע. און זי איז צאפּל־דיק, באַוועגלעך, זי איז מיט וואקס באשמירט!

איינער נאָר איז דאָ ניט קיין שוסטער—נויעך באנדורע, וואָס שפּילט־גאָר אַף א פידל. ער ציט דעם סמיק. דאכט זיך, ניט שווער־און קרימט אזוי דעם פּאָנעם — דאכט זיך, זייער שווער — טאקע שווער!

נאָר די איינע נעשאָמע זינגט מיט פארשיידענע קולעס, און יעדער קאָל האָט זײַן פארב, און יעדער פארב האָט איר גלאנץ.

כעוורע שוסטער שרײַען, זינגען:

איינ בוטל ביר,
צוויי בוטל ביר,
צוויי בוטל־בוטל בי־בי־ר,
פריילעך, לעבעדיק טרינקען מיר ביר!

יאשקע, דער פאָרשטייער פון קולטקאָם באם קאָלעקטיוו, האָט צוגעגרייט א גרויסע רעדע וועגן נײַעם שטייגער, וועגן דעם קליינעם פאסשורקעלע און נאָך און נאָך. ער האָט געוואָלט זאָגן, אז פּא־

טשורע האָט זייער א גרויסע זאַך אופגעטאָן, ברענגענדיק אפ דער וועלט א נײַעם קעמפער. נאָר אין קאָפּ זײַנע געווים פאַראַן קליינע לעכעלעך מיט דינע אָלן דורכגעשטאָכענע — אַלע געדאַנקען זײַנע דורכגעפאַלן דורך זיי.

באַנדורע שפּילט, און מוישקע קאַפּילאָוו זינגט דאָס ספּעציעל אָנגעשריבענע לידל לעקאָוועד דעם קליינעם פּאַטשורקעלע מיט זײַן גרויסן קאָפּ:

עך, פּאַטשורע, אוי, פּאַטשורע,
טשורא־טשורא־טשורא־רא
האָט געווינן גרויסע גוורע,
טשורא־טשורא־טשורא־רא...

פאַרומערט איז נאָר פּאַטשורע אַליין, אים שטייט פאַר א פאַר־דרייעניש, א בריס. און ווײַל באַנדורע איז א קלעזמער און דערצו נאָך א קאָרעוו, איז ער צוגעגאַנגען צו אים און אײַנגערוימט אים אין אויער אַרײַן.

ער האָט אים אײַנגעלאַדן אפן בריס.

באַנדורע האָט זיך צעגאָסן אין א שמייכל און האָט אונטערגעזאָגט:

כ׳וועל קומען... ווי־זשע...

באַנדורע שפּילט ווײַטער און הייסט פריילעך זײַן, ווײַל זאָגט ער — קיין יאַטל האָט מען נים אַלע צוויי וואָכן, דאָס וועט עפּשער זײַן.

---

סטאַשקע האָט געהאַט א מאַמע, און די מאַמע האָט געהאַט א ברודער — א ראָוו, ס׳איז כאַקע דער זעלבער ברודער, וואָס סטאַש־קעס מאַמע דערמאָנט אים זייער אָפט: ווי זאָגט מײַן ברודער דער ראָוו.

און צו אָט דעם פעטער איז סטאַשקע געקומען אײַנצולאַדן אים אפן בריס. אז זי איז אַרײַן אין צימער, האָט זי אים געטראָפן מיט א פּאָר יינגלעך, וואָס דאַרפן, קאָנטיק, לערנען בא אים — נאָר זיי האָבן זיך גאָר געשלאָגן. דער ראָוו איז זיך געשטאַנען גאָר אָנאַזײַט און האָט געמוזט טראַכטן דעם געוויסן פּעדאַגאָגישן געדאַנק: איך,

קינדערלעכ, האָב קיינ קויעכ ניט אײַכ צו שלאָגנ, אונ ווערט זײַנ זײַט איר ווערט, טאָ שלאָגט־זשע איינע די אנדערע".

סטאשקע האָט אימ שטיל דערציילט וועגנ איר געווינענ אונ פארבעטנ אימ צו זיכ אפנ בריס.

דער ראָוו האָט זיכ פאנאנדערגעשמייכלט מיט א דרײַענדיקנ, זעלבסטצופרידענעמ שמייכל. א דרײַענדיקער, ווײַל, ערשטנס, האָבנ זיכ זײַנע ליפּנ אויסגעשאלשעלעסט אינ א דרײַ, אונ, צווייטנס, האָבנ אויסער אימ אויכ געשמייכלט אינ די אויגנ נאָכ צוויי מענטשעלעכ:

— אונ אפ דער כאַסענע האָט איר מיכ גערופנ?

אונ סטאשקע האָט אימ, נעבעכ, ווײַטער גענומענ דערציילנ פונ אָנהייב, אז אזוי אונ אזוי, אז קיינ כאסענע איז ניט געווענ, אז דער מאנ, זאָל געזונט זײַנ, האָט זיכ פאראקשנט, כאָטש קיינ קאָמיר־גיסט איז ער ניט.

דער ראָוו האָט אָנגעשאָטנ טאבעק אינ נאָז אונ האָט אָנגעצויגנ צווישנ די וואָנצנ א שנירל כונ אנ אלטנ שמייכל.

— מאָנעפּשעכ, ווילט איר מאכנ א בריס, מאכט א כאסענע אויכ, אָבער אז קיינ כאסענע ניט, איז צוליב וואָס איז א בריס? ווילט איר אָבער מאכנ א בריס, מאכט א כאסענע אויכ.

סטאשקע האָט געהערט אונ געשוויגנ. א נײַע פארדרייעניש. זי האָט נאָר געזאָגט, אז פאטשורע וועט ניט וועלנ פאָלגנ.

דער ראָוו האָט זיכ ווידער פאנאנדערגעשמייכלט:

— דאָס פארלאָזט זיכ שוינ אפ מיר, איכ וועל שוינ זענ, אז מע זאָל זאָגנ דעמ מויעל, ער זאָל ניט מאל זײַנ, אײדער מע וועט שטעלנ א כופּע.

אונ אזוי איז ער געבליבנ שטיינ מיט זײַנע פארגליווערטע שמײי־כעלע.

אונ צו סטאשקענ האָט ער דערנאָכ געזאָגט:

— כ'וועל קומענ צו אײַכ, פארוואָס זאָל איכ ניט קומענ, א סודאס־מיצווע, געוויס וועל איכ קומענ... אונ דערצו... איר וועט דאָכ מיכ געוויס ניט קריוודענ...

ער האָט זיך פֿאַנאַנדערגעשמייכלט און אַרײַנגערוקט די הענט אין די קעשענעס אַזוי, אַז די קעשענעס האָבן זיך אויך צע־שמייכלט.

סטאַשקע האָט, אָפּקערנדיק דעם קאָפּ, אים אַרײַנגעשטעקט אַ מאַטבייע אין האַנט.

---

שפּעט איז אָפּמאַרגן געשלאָפֿן יאַשקע פֿון קולטקאָם, נאָר אויפֿ־כאַפּן זיך האָט ער געמוזט, ווײַל די זונען־שטראַלן האָבן געשטאָכן פּונקט ווי כאַזער־האָר. אויפֿכאַפּנדיק, האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער האָט זײַן רעדע אויף דער הוליאַנקע ניט געהאַלטן... פֿון גרויס סימכע פֿאַרגעסן... יאָ, פֿון סימכע פֿאַרגעסט מען אַלץ.

יאָ... וואָס האָט מען נאָך פֿאַרגעסן? — מאַטאָנעס! מאַטאָנעס דעם קליינעם פּאַטשורקעלע! האָיטאָכן, ניט צו טראָגן מאַטאָנעס בײַ אַזאַ פֿאַל?

אין וואַרשטאַט האָט זיך יאַשקע צונויפֿגערעדט מיט די שוסטער און איז געקומען צו אַן אויספֿיר, אַז מאַטאָנעס פֿאַרשפּעטיקט מען קיינמאָל ניט צו טראָגן. אַ מאַטאָנע האָט מען צוגעקלערט זייער אַ גוטע און אַ שיינע (און ניט קיין טײַערע). מע וועט אים צוטראָגן, דעם קליינעם פּאַטשורקעלע, אַ ביכעלע, אַז ער איז אַ מיטגליד פֿון פֿאַרייִן.

בײַ שוסטער ווערן קיין אײַזערנע טשוועקלעך קיינמאָל ניט פֿאַר־פֿאַלן. מיטן מאַגנעט קלײַבט מען זיי שטענדיק צונויף. אַנטקעגן וואָס זאָג איך דאָס, אַנטקעגן דעם, וואָס אַ רעדע ווערט קיינמאָל ניט פֿאַר־פֿאַלן. יאַשקע וועט נאָך זײַן דראָשע האַלטן.

## בּרית־כאַסענע־געט

ווען דער ראָוו מיטן מויעל זײַנען געקומען, איז געווען שוין אַ מיניען.

פּאַטשורע האָט גלײַך צוגעטראָגן דאָס קינד צום מויעל:

— רעבע, שנײַדס!

נאָר דער ראָוו האָט זיך ניט געאײַלט, ער האָט זיך געשושקעט מיטן מויעל.

— וואָס אײַלט איר זיך, יונגערמאַן?.. מאַזלטאָוו אײַך, איר זײַט געבענטשט געוואָרן מיט א בען־זאָכער, זאָל געזונט זײַן... נאָכן ווײַפּלטן כוידעש איז עס? איר וועט אזוי גוט זײַן יוײַזן מיר די קסובע.

— וואָסער קסובע, רעבע? . דאָס איז דאָך ניט קיין כאַסענע... מע דאַרף דאָ שנײַדן, מאכן א ברים!..

— אָבער, — דריידלט דער ראָוו זײַן כימרען שמייכל, — מיר דאַרפן וויסן וועגן דער כאַסענע, דאָס האָט א שײַכעס צום איבּיעג...

— וואָס איז שײַעך איינס צום אנדערן, — זאָגט פאַטשורע, — דאָס האָט א שײַכעס ווי א פולער ראָנט צו א קינדערשן שוך, ווי הילצערנע אָפּצאַסן צו לאַפּטיעס... ווי...

פאַטשורע וואָלט נאָך אסאך אָנגערעדט, וואָרעם אונדזער פאָלק שוסטער איז ווי א שוך, נעמט ער דורכנעצן — נעצט ער...

נאָר דער ראָוו האָט א שטאַרקן נאָס געטאָן. א גאַנצער זײַל טאַבעק איז ארויסגעפלויגן פון זײַן נאָז, און זײַן רייעך איז אזש דערלאָפן צו פאַטשורעס נאָז. איז פאַטשורע עפּעס מעוולוול געוואָרן. דער ראָוו האָט א בורטשע געטאָן דעם מויעל אין אויער ארײַן און ארויסגעטראָגן אַן אורטייל:

— פאַר דער כאַסענע קאָן מען קיין ברים ניט מאכן. מע דאַרף שטעלן א כופע.

פאַטשורע האָט אלץ ניט געקאָנט באַנעמען: וואָס איז שײַעך איינס צום אנדערן? ער האָט זיך פאַנאַנדערגעשריִען:

— רעבע, מע הייסט אײַך שנײַדן, שנײַדט, ניט אײַער אייסעק, ניט אײַך קוועטשט דער שוך...

שטיל... עס הערט זיך נאָר ווי סטאַשקע וויינט. ווײַל בא איר, סטאַשקען, איז עס רעכט די מינוס. איר אַרט ניט, וואָס די וואַנטציי־טונג וועט שרײַבן.

פאטשורע איז געשטאנען מיט א פארשטיינערטן פּנים. —
— א הילצערנעם טשוועקל, — האָט ער געקלערט, — פארקלאפּט מען מיט צוויי קלעפּ. אפריער א גרעסערן, דערנאָך א קלענערן. מיט אים האָט אויך אזוי געטראָפן. צוויי קלעפּ, נאָר דער צווייטער, דער איצטיקער, איז א שטארקערער. די קלעפּ האָבן געטראָפן אין הארצן, דאָרטן האָט געהאמערט.
ער איז פארפּאָרן אינמיטן יאַם מיט זיינע וועסלעס, און איצט ווייס ער ניט, וווהין צו קערן זיך.
א ווינט איז פארלאָפן אין הארצן, און דער ווינט האָט אים פאר־שמיסן. געשמיסן מיטאמאָל, ווי א גוואלד־ריס. האָט ער גוואלדריסיק אויסגעשריגן:
— רעבע, צעשטעלט די פלאָקנס, נאָר אגיכ!..
באנדורע איז אויך דאָ מיט זיינעם א יאטל. ער שיקט אים אוועק אין שול נאָך דער כופּע, און אליין לאכט ער.
מע האָט געבראכט פון שול די פלאָקנס, מע האָט פאטשורען אינטערגעשטופּט אונטער דער כופּע, און דער ראָוו זאָגט אונטער:
— הארי... את...
פאטשורע שטעקט אונטער דער כופּע סטאשקען דעם זילבערנעם האלבן רובל און ברומט אונטער:
— פארליר עס נאָר ניט!
— פאראן א צעבראָכענער טעלער?.. ברעכט! קלאפּט!
עס הערט זיך א טעלער־בראָך. געקלאפּט די טעלער... נאָר וואָס קלאפּט עס ווייטער?..

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

דאָס האָט מען אין טיר אָנגעקלאפּט. יאשקע מיט דער דעלעגאציע איז דאָ. דאָס ביכעלע אין האנט, און די רעדע אפּן שפּיץ צונג. פאטשורע איז ווי מיט טאלקע באשאָטן געוואָרן. שטיל, פּויזע. דער ראָוו מיטן מויעל זענען גאָר אויס ווי קעלבער פאר דער שכיטע. זיי זענען אויך ווי גאָר איבעריק, און עס דוכט, אז דער מויעל כאלעשט ארייגשטעקן

זײַנע אויגן אין מעסער־שײדל. די געסט זענען אויך נאריש אויס. און באנדורע לאכט.

סטאשקע האָט אָנגעשטעלט אירע אויגן אפן פּופּיקל פון קלײנעם פּאטשורקעלע, און מער ווי אים האָט זי ניט געזען.

און פּאטשורע? ער האָט אינגאנצן אראָפּגעלאָזן די אויגן און ווי טשוועקעס האָט ער זײ אַרײַנגעקלאפּט אין דיל. א גרויסן ווינט, א גרויסן שטורעם־ווינט האָט געבראכט מיט זיך יאשקע, און ער האָט אינגאנצן צעשמעטערט די ווענטעס.

דער ערשטער האָט געעפנט זײַן מויל יאשקע. ער האָט באוויזן זײַן שפּיץ צונג, אָבער פון אים איז ניט אַראָפּגעפאלן די צוגעגרייטע רעדע. לעכאטכילע איז די צונג געבליבן שטעקן אין אָפענעם מויל, א צונויפגעדרייטע ווי א רויטער פראגע־צייכן, דערנאָך האָט זיך די צונג אויסגעצויגן ווי א רויטער אויסרופ־צייכן, און גאָר אן אנדער רעדע האָט זיך אראָפּגעגליטשט פון זײַן צונג.

ער האָט אפ קײנעם ניט געקוקט און גערעדט אָפּגעהאקט, ער האָט גערעדט וועגן קלײנבירגערלעכקײַט, וועגן אלטן שטײגער, וועגן נאָך און נאָך, און וועגן דעם, אז עס ווײַזט זיך ארויס, אז פּאטשורע איז אן אָפּגעשטאנענער עלעמענט...

פּאטשורע האָט זיך דערווײַל אביסל אויסגעטשוכעט, ער האָט דערפילט זײַן אָנמעכטיקײַט און די נײטיקײַט, אז ער מוז זיך אָן עפּעס אָנכאפּן.

ער האָט גענומען שרײַען ניט מיט זײַן קאָל:

דאָס איז זי שולדיק, סטאשקע!.. איך האָב ניט געוואָלט מאכן א בריס... זי!.. דאָס האָט זי מיט גוואלד געמאכט!

פּאטשורע האָט זיך נאָך מער פאנאנדערגעשריען:

— זי! זי! אלץ זי! איך וויל ניט, כ׳ יאשקע, איך וויל מיט איר ניט לעבן, אוועקווארפן וועל איך זי!.. איך קאָן מיט איר ניט לעבן.

נאָר יאשקע האָט ניט געהערט, ער האָט געטײַנעט, אז פּאטשורע איז שולדיק, אז דער קאפּיטל לײגט זיך אַרײַן אין שוך, און ניט דער

שוכ אינ קאפּול. סטאשקע איז א קאפּול... אנ אומבאוווסטזיניקער עלעמענט...

פאטשורע האָט זיכ נאָכ מער פאנאנדערגעשריִענ:

— ניינ! ניינ! איכ וויל נים! איכ זאָג זיכ פונ איר אָפּ...

יאשקע האָט פעסט געכאזוערט:

— דו ביסט שולדיק! דו! דו!

ניטאָ קיינ ווערטלעס בא פאטשורענ, א הארצ אָנ ווערטלעס — קלאפּט זיכ עס אָנ די ברעגנ, קאָנ מענ וויסנ, וווהינ ווערט עס צו־שווימענ?

פאטשורע איז האסטיק צוגעלאָפנ צום ראָוו:

— רעבע, הערט זיכ איינ. רעבע, שרייבט אפּגיכ א געט!

באנדורע האָט זיכ געקאטשעט פונ געלעכטער:

— בריס־כאסענע־געט...

דער ראָוו האָט זיכ געקווענקלט:

— לאָזט אפּריִער מעסאדער־קדושנ זיינ...

— דערנאָכ, שרייט פאטשורע, שרייבט אפּגיכ א געט!

1928.

# די ליימענע קאלע

## 1

אין יענע הייסע טעג איז געווען נאָר האסטיקע מאשין-ארבעט. די רעוואָליוציע,— די גרויסע פוס,— האָט געדרייט די מאשין, און טעג זיינען געפלויגן, ווי נאָדל־שטעפ — האסטיק איינער נאָכן צווייטן. און גוט איז געווען צו פליען מיט די נאָדל־שטעפ, גוט איז געווען צו שטיין בא דער מאשין!

און איצט?.. איצט דארף מען ברענגען אלץ אין אָרדענונג,— מע דארף איינייען די קנעפלעך. מוז מען דען שטיין הארט בא דער מאשין? נייען קנעפלעך קאָן מען אומעטום.

נאָכן בירגער־קריג איז העסל פרעס נאָך אף א פאָר יאָר געבליבן אין דער ארמיי. ס'קאָן זיין, אז די טעג וועלן ווידער נעמען פליען, ווי נאָדל־שטעפ... ער האָט אָבער געזען אין די צייטונגען טאָג צו טאָג אלץ מער ציפערן און ציפערן, געצויגן האָבן זיך ציפערן איינע נאָך די אנדערע אין א לאנגער ריי, ווי אין א טאַקסאַמעטער. האָט ער גענומען זיין קלומעק אף זיך און באשלאָסן גיין אהיים אויך ציען דעם טאַקסאַמעטער.

אהיים צו זיך אפן גרויסן ייִדישן הויף. זומער־צייט איז דער גאנצער הויף געווען פארזעצט מיט קינדער־קעפלעך אזוי געדיכט, אז ערד־ווייז איז געווען שווער דורכצוגיין. אפן הויף האָבן געוווינט 40 ייִדישע שכנים, דעם איינציקן ניט־ייִדישן שאָכן — טימאָכען דעם שוסטער האָט מען אויך פארייִדישט און מע רופט אים: „איטשע־מאָך".

באַלד האָט ער זיך אין א צימער באם באלעבאָס דיוואנטשיק,

וואָס איז פאַר דער צייט מעגולגל געוואָרן פון א סוחר אין א ספּעקולאַנט, און פון א ספּעקולאַנט אין א נעפּמאַן — און וואָס וואַרט פון טאָג צו טאָג אפּ טיקן.

אין צימער האָט ער ערשט אויסגעצויגן זיינע הענט און דערפילט, ווי עס שווימען אין זיי שטיקער קוישן, און זיי זיינען פונקט ווי אָנגעשטאָפּטע פּרושינעס, און אים דוכט זיך, אז אָט די הענט, די שטאַרקע הענט, זיינען נאָר פאַרסטריגעוועט געוואָרן, און אז אָט־אָט פּלאַצן זיי.

און צום האַלדז גיט זיך עפּעס א הייב. עס כליפּעט זיך עפּעס. נאָר ער ווייס ניט קלאָר, וואָס דאָס איז. און עפּשער... ער מוז וויסן וואָס דאָס איז, נאָר ער ווייס ניט, ווי צו נעמען עס איבער די ליפּן... דאָס איז יאָרנלאַנג געזאַמלטע גבורהדיקע פיין זיידעס, עלטערזיידעס און נאָך העכער, וואָס האָבן גאַנצע לעבנס אָפּגעשוויגן מיט פאַרביסענע מיילער, און וואָס זעלטן, זעלטן, אַמאָל א פּאָר טעג אין יאָר, פלעגן זיי עפענען א מויל. און איצט, בא העסלען, איז דאָס מויל אָפן א גאַנץ יאָר, און ס'שטראָמט ארויס דער דווירעסלאַנגער שטראָם. קומט ער אהיים שלאָפן, נוררעט ער אריין דעם קאָפּ אין קישן און פאַרשפּיליעט מיט די ציינער דעם מויל. מע האָט לאַנג געשוויגן... און איצט?.. איצט רעדט העסל פרעס אפילע פון שלאָף.

און אף יענער זייט וואַנט שלאָפן דאָך מענטשן, און אף יענער זייט וואַנט שלאָפט דאָך ציפּקע, און ער האָט מוירע, אז ציפּקע זאָל כאָטש קיין שלעכט וואָרט פון אים ניט דערהערן.

ציפּקע וווינט בא דיוואַנטשיקן און טוט בא אים אַלץ אין שטוב. און דיוואַנטשיק זאָגט, אז זי איז זיינע א קרוווע, צאָלט ער ניט פאַר איר קיין סטראַכיר־געלט...

א מיידל — א פּאַסאָן. ווי מע וואָלט זי פון א זשורנאַל ארויסגענומען. אן אויסגעלייגט פּענעמל, אויסגעלייגטע בעקלעך, און אויגן ווי די הימלען, זיי האָבן ניט קיין דעק.

און פרעס איז אף דערויף א מייווען. ניטאָ וואָס צו לייקענען, פרעסן געפעלט דאָס מיידל.

דערזעט ער זי פונדערווײַטן, מוז ער איר אונטערזינגען:

„דײַן מינע, דײַן טאַליע, דײַן גאַנצער פאַסאָן"...

און זי מאַכט זיך נאַר, אַז זי אַנטלויפט. זי פאַלט סאָפּקאָלסאָפּ אַרײַן צו אים אין די הענט, און ס'איז ניט צו דערקענען, אַז זי האָט זיך אַליין אַרײַנגעוואָרפן.

און אַ מאָדנע טעווע האָט ער — פון דעם וויל אים ציפּקע אָפּ־געווינען. ער, העסל, מוז איר פון גרויס היספּײַלעס אָפּבענטשן מיט אַ שנײַדערשער בראָכע:

— עך, ציפּקעלע, אַ קלאָג דיר אין טאַליע!

און ציפּקעלע אַנטלויפט ניט פון העסלען, וואָרעם העסל איז שוין גאָרניט אַזוי העסלעך. אַדעראַבע, ערשטנס, גיט אים צו אַסאַך חן דער אָרדען פון דער רויטער פאָן אויפן ברוסט, און, צווייטנס, איז איר גלאַט געפעלן זײַן בעריִשער גאַנג, ווי ער גייט און קוליעט זיך, פאָלקע הער און פאָלקע הין. ניטאָ קיין גלײַכגעוויכט אין זײַנע פּלייצעס.

דאָס קוליעט אים געוויס דער אינעווייניקסטער שטראָם.

אַן אַפּרעל־טאָג איז דאַן געווען און ס'האָבן זיך געפילט אַלע צײַטן פון יאָר. עס האָט נאָך אָפּגעשײַנט מיט פּערלמוטער דער ווינטערדיקער שניי אונטערן שײַן פון אַ קימאַט־זומערדיקער זון, און ס'האָבן זיך געשטעפּט פון די דעכער פּרילינג־קאַסעס, וועלכע האָבן זי אָפּגערעגנבויגנט אונטערן פײַער פון דער זון, און דעם פײַער האָט אונטערגעבלאָזן אַ האַרבסטיק ווינטל.

אַ כּיעס איז געווען צו פילן אין זיך אַלע צײַטן פון יאָר. און העסל מיט ציפּקען זײַנען געזעסן אין הויף אויף די קלעצער, מיט פולע מײַלער געטרונקען די זוניקע לופט, אָנגעוומען אין זיך אַסאַך זון, און זי האָט גענומען אויך פון אינעווייניק וואָרעמען און לײַכטן, און אַרויסגעלאָזן די וואַרעמקייט דורכן מויל, און די ליכט דורך די אויגן. גוט איז צו פילן אין זיך אַלע צײַטן פון יאָר. און זי, ציפּקע,

האָט געגומען אפ זיך אַן ארבעט: אָפּגעווייגען אים פון זייַן בראָכע: „א קלאָג דיר אין טאַליע".

— פע, — האָט זי אים געמוסערט, — ס'איז ניט שיין.

ער האָט אַפּצולאָכעס געכאַזערט זייַן בראָכע, און זי האָט פאַר־קרימט איר פּענעמל, זי איז ברויגעז.

— מע טאָר אַזוי ניט זאָגן, — האָט זי אויסגעקרימט פון איר מייַלכל.

ביז זי נעמט דראָען מיט א פּאַטש. און־אַפּ דערויף ווארט ער די גאַנצע צייַט. ער האָט ליב אירע פּעטש. און עס לאָזט זיך אַראָפּ א פּאַטש קימאַט אָן א קלונג.

נאָר פאַרוואָס האָט עס געגעבן אַזא רודער?

וואָס האָט עס פאַרודערט אַזוי? ניין, ס'איז ניט קיין הוידערקאָל פון ציפּקעלעס פּאַטש.

העסל האָט זיך אויפגעכאַפּט און צוגעלאָפן צו דער צווייטער זייַט הויף זען, וואָס האָט עס געגעבן אַזא רודער. ער איז צוגעלאָפן און האָט געזען:

עס איז אייַנגעפאַלן די גרויסע דרייַשטאָקיקע ציגלנע וואַנט, וואָס שטייט לעבן גרויסן מויער און וואָס טיילט אָפּ דעם מויער פון שכיינעסדיקן.

אַלע קינדער־קעפּלעך האָבן זיך איצט איבערגעזעצט אַהער, שכיי־נים און שכיינעס זייַנען זיך אויפגעלאָפן, ווייַבער מיט פאַרסאַזשעטע פּענעמער פון אויוון, מיט פאַרבלוטיקטע פאַרטעכער און מיט פעדערן אין קאָפּ.

נאָכעם דער געלער האָט געכקירעט פאַר א רעדל שכיינים.

— ווי לייַדט עס עפּעס א מויער אפ געפאַליקע? אָט א מענטש, פאַרשטיי איך, אָדער מע פאַרטשעפּעט אים, אָדער מע פאַרטשעפּעט זיך אַליין. אָבער ווי פאַלט עס אייַן א מויער?..

אַן עלטערער יידל האָט געגעבן צו פאַרשטיין:

— דיוואַנטשיק וועט דאָך קיין גוטן פונדאַמענט ניט געבן... ער איז געשטאַנען, אַפּאָנעם, אפ הינערשע פיסלעך.

און איינס א קלײנ קעפּעלע — פּעטעכל — רופן זי די קינדער — האָט זיך געוווּנדערט און נאָכגעפרעגט זיך בא אן עלטערן ברודערל.

— ווי שטייט עס א מויער אפ הינערשע פיסלעך?..

און דער ברודערל ווייס שוין אלץ, ער גייט שוין אין פינפטן קלאַס.

— הינערשע פיסלעך? זאָגט ער איבער, דאָס מיינט מען... אין געענדזנפיסלעך... ס'רעדט זיך אזוי...

און די קלײנינקע פארשטייט ערשט ניט, ווי שטייט עס א מויער אפ הינערשע פיסלעך אין געענדזנפיסלעך.

און דיוואנטשיק לויפט א פארסאָפּעטער און כאפט אונטער.

— וואָס, איינגעפאלן?.. גאָט איז מיט אייך! ווי פאלט עס טאקע איין א מויער?.. דאָס האָט זיך געוויס דער איבערשטער „סלוי" א טרייסל געטאָן... ווי עס טרייסלט זיך אין קרים...

און דאָס קלײנע קעפּעלע פארשטייט אלץ ניט איז אויסער פיסלעך שטייט נאָך דער מויער אפ א „סלוי"?..

און שכיינים האָבן אלץ געטומלט: סטייטש, ווי פאלט עס איין א גאַנצע וואנט?..

ביז מע האָט דערעדט זיך: מע האָט אויסגעטיילט א הויף־קאָמיסיע מיט העסלען בעראָש אפ אויספּאָרשן די געשעעניש.

פאָרשן האָט מען קיין סך ניט געדארפט. גאָר אינגיכן האָט העכל אופגעהאנגען א מעלדונג וועגן א הויף־פארזאמלונג. העסל האָט געקלונגען מיטן גלעקל, נאָר ס'האָט גאָרנישט געהאָלפן. ס'איז ניט קיין פארייניקפארזאמלונג. מע קאָן זיך דאָ פארגינען ריידן אלע מיטאמאָל. ערשטנס, איז פריילעכער, אין צווייטנס, איז עס גיכער. עלץ וואָס? מע הערט ניט, וואָס מע רעדט? ס'איז א ליגן! יעדער ייד האָט דאָך א באזונדער קאָפּ.

ער האָט לאנג געקלונגען מיטן גלעקל, ביז ער האָט איינגעשטילט דעם אוילעם, און ער האָט גענומען ריידן. ער האָט דערציילט, אז איינגעפאלן איז די וואנט, ווייל זי האָט אונטערגעפוילט, און אונטער־

געפֿילט האָט זי, ווײַל לעבן וואַנט איז געשטאַנען דער אָפּטרעט. האָט דיוואַנטשיק געוואָלט „רעזשימעווען" מיט עקאָנאָמיע, האָט ער אויסגעגראָבן אין די פּוסטע פֿאַרשלאָסענע שטאַלן, וואָס צווישן וואַנט און אָפּטרעט, א טיפֿע גרוב, וווהין ס'פֿלעגן אָפּציִען די אומריינקייטן. אַן אווײַרע, — זאָגט ער, דיוואַנטשיק, — געלט אַף „אַסשיסטקע".

און האָט דערציילט ווײַטער, אַז דער גרויסער מויער איז אויך אָנגעריכט, און דערצו שטייט ער נאָך פֿון מיילעכ סאָבעצקעס יאָרן אָן, און ער פֿאָדערט א קאַפּיטאַלן רעמאָנט. מע דאַרף אים אינגאַנצן איבעררניצעווען.

און א כאַווער, א פֿאָרשטייער פֿון וווינונג־קאָאָפּעראַציע, האָט גערעדט און געזאָגט, אַז דיוואַנטשיק ניט ער קאָן און ניט ער וועט געבן אַזא רעמאָנט, און אַז דער הויף גייט איבער אין וווינונג־קאָאָפּעראַציע.

דיוואַנטשיק האָט גענומען א וואָרט:

— אַז איר ווייסט דאָך אַליין!.. א מענטש בין איך בעטעווע א ווייכער, נאָר טויזנט מאָל ווייכער, אַז ס'איז קיין האַרטער גראָשן ניטאָ... דערווײַל איז ניטאָ מיט וואָס צו מאַכן... מע דאַרף אַביסל אָפּוואַרטן, עפּשער וועט שטײַפּער ווערן.

אין גערעדט האָט אויך דער שוסטער טימאָך.

— דער מויער בעט עסן... מיט א מויער שפּילט מען זיך ניט. דאָס איז נאָר א שוך, אַז ער קוועטשט, הערט מען אים אין פּיאַטע. א מויער טאָר מען אָבער אַוועקניט לאָזן... נישקאָשע, באַלעבאָס, וואָס אַרט אײַך?.. מע וועט עפּשער אײַך אויך געבן א דירע...

דער הויף איז אַריבער אין וווינונג־קאָאָפּעראַציע.

פֿון הויפֿט־פֿאַרוואַלטונג האָט מען באַשטימט העסל פֿרעסן פֿאַר א פֿאַרוואַלטער איבערן גרויסן הויף. יענעם טאָג האָט העסל נאָכאַמאָל אויסגעצויגן זײַנע הענט. אײַנטער האָט ער וווהין זיי צו לייגן. יענעם טאָג האָט העסל געוואָלט צעקושן אַלץ, וואָס ער האָט נאָר געטראָפֿן אַף זײַן וועג: די קינדער־קעפּלעך, דעם מויער, און וועגן ציפּקען איז דאָך שוין אָפּגערעדט...

—

אָט דאָס הייסט געווים מיטן שטאָלצן נאָמען: ארבעט. די עמעסע, ברענענדיקע ארבעט! אָט פירט מען צו ציגל, אָט לעשט מען וואפנע... עס איז שוין צעגאנגען דער שניי, און פורלעך אפ רעדער פירן ציגל. פורלעך אפ צוויי גרויסע שפולן, וואָס וויקלען די גאנצע וועג אָפּ פון זיך א וואסערדיקן פאָדעם. ס'טרעפט דאָך אָבער אמאָל א פלאָנ־טער... שטעלט זיך אָפּ די פאָדעם. עס האָט אויסגעפעלט ציגל, האָבן אופגעהערט אפ א צײַט די פורלעך צו פאָרן.

אקוראט דאן דרייט זיך אָן דיוואנטשיק פאר די אויגן, מיט א פעטן שמייכעלע. לעכאטכילע האָט ער זיך אומגעדרייט און געשוויגן, און סאָפּקאָלסאָפּ האָט ער פאָרט אויסגעפלאצט:

— הא, וואָס הערט זיך מיטן מויער?.. ס'פעלן ציגל, הא?.. ס'טבלײַבן אינמיטן?.. כע... שיינע באלעבאטים געוואָרן, מע הייבט אָן און מע ווייס ניט, מיט וואָס מע וועט ענדיקן... דערנאָך וועט מען זיך נאָך בעטן... מע זאָל כאָטש צוריק צונעמען...

און ער האָט אויסגעזיפצט מיט א לאנגיקן קלוימערשטן זיפצעלע און האָט ארויסגעלאָזן א קלאנג:

— עעעט...

און זײַן פליישיקע צונג האָט א גרונטעווע געטאָן אין זײַן מויל און האָט זיך אביסל איבערגעקוליעט, דעריבער איז שוין דער צווייטער „עט" ארויס א פארקערטער:

— טעעע...

האָט געדארפט שטיין דערבײַ דאפקע טימאָכע. און ער, טימאָכע, איז א היציקער. אזוי איז ער גוטמוטיק, אפ דער פארזאמלונג האָט ער צוגעזאָגט דיוואנטשיקן א דירע, נאָר אזעלכע דיבורים ט'ער ניט געקאָנט פארלײַדן. ער האָט זיך אָנגעצונדן:

— וואָס'טע געזאָגט? דו וועסט צוריק ווערן באלעבאָס?.. ווייסט ווען?! אז טשוועקעס וועלן בליִען!

דיוואנטשיק האָט זיך פײַנט אָנצורייד'ן, ער האָט זיך שטיל אָפּגעטראָגן.

דער פלאָנטער האָט זיך אָבער אָפּגעפלאָנטערט. די פורלעכ־

שפּילן האָבן ווײַטער געוויקלט זייער וואַטערדיקן פּאָדעם, און ציגל איז געווען.

און העסל איז פֿאַרנומען, פֿאַרהאַוועט. און העסל זעט שוין איצט ניט אַזוי אָפֿט ציפּקעלע, ער כאַפּט שוין ניט אַזוי אָפֿט פֿון איר פּעטש.

ציפּקעלע איז אומעטיקער געוואָרן. און ציפּקעלע האָט ליב, עס זאָל איר זײַן פֿרײלעך. און זי קאָן ניט וואַרטן. אַנדערע שטעלן אָפּ אַ ווײַלע די צײַט: מע רײַסט ניט אָפּ די בלעטלעך פֿון קאַלענדאַר, און מע שטעלט אָפּ דעם זייגער. אָבער ציפּקעלע איז ניט קיין זייגער, וואָס אַפֿיר׳ער דרייט מען אים אָן און דערנאָך גייט ער. זי, ציפּקעלע, איז באַשאַפֿן געוואָרן אויף דער וועלט פֿאַר אַ טרייסט — אַ טרייסט פֿאַר אַ צווייטן. אָבער טרייסטן זיך אַליין קאָן זי ניט.

העסל זעט זי איצט גאַנץ אָפֿט אָן אָנגעבלאָזענע:

— פֿאַרוואָס פֿאַרלאָזט ער זי אויף גאַנצענע טעג?..

קאָן ער, העסל, איר דערציילן, אַז ס׳זײַנען דאָ נאָך טרייסטן אויף דער וועלט. אַ גרויסע טרייסט. אַ טרייסט פֿאַר אַ גאַנצן מויער מענטשן. ביין! אַ טרייסט פֿאַר דעם גאַנצן לאַנד! די טרייסט פֿון אַרבעט, פֿון ווידער אויפֿשטעלן! און אָט פֿאַרבינדט מען דעם מויער מיט הילצערנע קייטן, און מע ווערט זיך נעמען פֿאַר אים, פֿאַרן ריז.

ער קומט צו גיין אינאָווענט אַן אײַנגעמאַטערטער, און ער דערזעט פֿונדערווײַטן ציפּקעלען, וואָס קרימט איר מײַלכל.

מיד און מילד שטרעקט ער איר אויס פֿונדערווײַטן אַ פּאָר אָנגעגאָסענע הענט, און צערטלעך רופֿט ער זי צו, ווי מע רופֿט אַ הינדעלע, בײַס מע גיט איר פּיקן:

— ציפּקעלע, ציפּקעלע, ציפּ, ציפּ, ציפּ!

## 2

אַ זומער האָט זיך אָנגעהויבן, ער האָט זיך געבויט! זײַנע טעג האָבן זיך געהויבן, עס זײַנען אָנגעוואַקסן די שאָטן, און ס׳איז אָנגעוואַקסן די היץ.

און דער מויער איז אויך געוואקסן. ציגל זײַנען געווען, האָט מען געלייגט א ציגל צו א ציגל.

און העסל פרעס איז ארומגעפלויגן א פארשוויצטער, האָט גע־קוקט, ווי די ציגל לייגן זיך איינציקווײַז, און האָט געקלערט:

— ווי איינציקווײַז, פאמעלעך זיי לייגן זיך, די ציגל. די ציגל האָבן אויך געדארפט לויפן און אויסלייגן זיך, ווי די נאָדל־שטעפּ.

דער מויער האָט זיך אָבער געהויבן. און פרעס האָט דאן מער ווי געשוויצט, פון יעדער הויט־פּאָרע האָט געשפריצט א קליין פּאַנטאנדל, און יעדער פּאַנטאנדל איז געווען פון פארגעדיכטעטער, פארפּליסיקטער ענערגיע. ער האָט זיך אַליין קימאט אײַנגעמויערט אין מויער.

און טימאָכע פלעגט פאר אלעמען דערציילן די מײַסע, און אים פלעגט שטארק פארדריסן, וואָס ניט אלע גלויבן איר, ווײַל טימאָכע האָט געקענט אויך אויסקלערן א מײַסע. אָבער ס'איז פּאָרט אַן עמעסע מײַסע: פרעס פלעגט אָפּט ארײַנכאפּן זיך צו אים — אײַלנדיק אויסטרינקען א גלעזל טיי, איז ער איינמאָל געקומען צו אים מיט שרײַפּלעך אין די הענט און געטרונקען טיי, טרינקט ער אָפּ און וויל אוועקגיין, ערשט ער כאפּט זיך, ניטאָ די שרײַפּלעך, ביז טימאָכע האָט אים געוויזן, אז די צוקער האלט ער אין האנט, און די שרײַפּלעך ליגן אין גלאָז.

יאָ! ס'איז אַן עמעסע מײַסע. טימאָכע פלעגט זיך שווערן אַפּ דעם:

— הינער און ענדיקעס זאָלן אַפּ מיר שפּײַען אין א ליכטיקער נאכט, אויב איך זאָג א ליגן!

און טימאָכע פלעגט טאקע אויסמוסערן העסלען:

— ברודערקע, מע טאָר זיך ניט אזוי אָפּשרויפן, שרײַפּלעך האָבן קיינשום טאם ניט, אפילע ווען מע זאָל זיי גוט אָפּקאָכן און צו־שיטן אביסל זאלץ.

אמאָל פלעגט העסל א טאָג ניט קאָנען איבערלעבן, ניט זעענדיק ציפּקעלען. איצט איז אָבער דאָס הארץ בא אים אביסל... פארמויערט געוואָרן.

אים, העסלען, דעם אמאָליקן שניידער, דעם שפּעטערדיקן העלד פון דער רויטער פאָן און איצטיקן פאַוואַלטער, האָט מען פאַרטרויט א גרויסע באשטעלונג, און ער האָט זיך אריינגעטאָן אין איר מיט היץ, ווי א לערנייִנגל, וועלכן מע פאַרטרויט דאָס ערשטע שטיקל ארבעט.

און ציפּקעלע?.. ציפּקעלע האָט געבענקט נאָך זיינע אָנגעגאָסענע הענט, נאָך זיינע דרייען זיך „פּאָלקע הער — פּאָלקע הין", אפילע נאָך זיין בראָכע: „א קלאָג דיר אין טאַליע".

ציפּקעלע קאָן אָבער ניט אָפּשטעלן דעם זייגער און ניט אָפּרייסן די בלעטלעך פון קאַלענדאַר, און זי איז ניט קיין זייגער, וואָס אפריער דרייט מען אים אָן און דערנאָך ערשט גייט ער. זי דאַרף האָבן עמעצן, וועמען עס זאָל איר אונטערזינגען א לידל, זי דאַרף האָבן וועמען צו פּאַטשן, און זי, ציפּקעלע, דאַרף עמעצן טרייסטן. דאָס איז פאַר איר אויך א טרייסט. ווייל זי, ציפּקעלע, וויל, עס זאָל איר זיין פריילעך. און בא וועמען קאָן זיין פריילעך אַפן הויף? דאָס איז נאָר בא טימאָכען!

טימאָכע שפּילט אַפ א האַרמאָשקע. בא טימאָכען גייט די צונג ווי א „סקאָראָכאָד": ער קאָן דערציילן מייסעס ניט געשטויגן און ניט געפלויגן.

ער זיצט זיך, טימאָכע, מיט די פיס אַפ זיין וואַרשטאַטל און דערציילט זיינעם א „כאָלעמ". ציפּקע ווייס, אז ס'איז א ליגן, אז ס'באַלעמט זיך אים, אז ער האָט געכאָלעמט, נאָר זי הערט. נישקאָשע, אפילע אז ס'איז א ליגן, איז עס אויך קעדײַ צו הערן...

און טימאָכע דערציילט, אז ס'האָט זיך אים געכאָלעמט, אז ער איז אַפ א סאָוועטן־צוזאמענפאָר, טרעט איינער ארויס, און ס'איז טאַקע דיוואַנטשיק אליין, און ער איז איצטער טאַקע א שוסטער. טרעט ער ארויס און זאָגט, אז אלץ איז שוין בא אונדז גוט, נאָר ס'איז געקומען די צייט אויסצוקלייבן א פּאָשעטן ארבעטער... און אלע שרייען, מע זאָל אים, דיוואַנטשיקן, אויסקלייבן. און דאַן האָב איך זיך צעשריִען: סטייטש, נעפּאַשעס איר איינע, וועמען ווילט

איר דאָס אויסקלײַבן... און פון דעם געשריי האָב איך זיך אופגע־כאפּט.

אזוי דערציילט ער דעם „כאָלעמ" און פארענדיקט: איר פארשטייט, ווי דער דיוואנטשיק ט'זיך מיר אײַנגעגעסן אין קאָפּ?..

נאָר דאָס איז נאָך ווייניק. ניט דערפאר אליינ געפעלט ציפּקעלען טימאָכע.

דעריקער איז, וואָס טימאָכע האָט אויך ליב צו כאפּן פון איר פּעטש. און אז מע האָט נאָר ליב צו כאפּן פּעטש פון איר — האָט זי שוין ליב, פאר דערופּ וואָלט זי יעדערן, דאכט זיך, ליב געקראָגן.

נאָר טימאָכע, ניט נאָר וואָס ער האָט געכאפּט איצט פּעטש, ער האָט אין איר פּאָנעמ איצט אויך באמערקט מער איידער העסל. העסל האָט געזען נאָר א שיינ, אנ אויסגעלייגט פּענעמל. טימאָכע האָט אָבער געזען אסאך מער. ער האָט דערזען, אז אָט דאָס שיינע פּענעמל האָט א גרויסע מײַלע, וואָס עס בײַט זיך, אָט דאָס איינ פּענעמל האָט טויזנטער פּענעמער.

טימאָכע האָט שוין פון לאנג געקלערט, אז עס ווערט ניט גוט, קוקנדיק אפ מענטשנ, ווײַל מע זעט זיי אלע טאָג מיט איינעמ און דעמ זעלבנ פּאָנעמ. נעכײַ וואָלטנ דאָס מענטשנ קאָנען כאָטש איינ מאָל אינ וואָכ איבערבײַטנ זייער פּאָנעמ, ווי מע בײַט א העמד... כאָטש איינ מאָל אינ יאָר, ווי מע בײַט איבער א פּאָר שיכ!..

און דאָס איז דאָך ניט קיינ פאנטאזיע. פארוואָס קאָנ עס ציפּ־קעלע? ער דערזעט בא איר יעדנ טאָג א נײַעמ פּאָנעמ, א נײַעמ שמייכל. דעריקער קאָנ זי שמייכלען. זיי זײַנען בא איר דאָ טויזנטער פונ ערשטנ, צווייטנ און דריטנ סאָרט. וואָס עפּעס נאָר דרײַ סאָרטנ?.. ס'איז פאראנ אסאך מער!

און טימאָכע מוז זיך אָפּרעכענען. ער שמייכלט אפּ צוריק. אפּריער אפּנ רעכטנ זײַט מויל, דערנאָך אפּנ לינקנ, דערנאָך אפּ ביידע זײַטנ, מישט ארײַנ די נאָז אויך, און וועגנ די אויגנ איז שוין אָפּגערעדט.

און ער, טימאָכע, פונקט ווי אַלע מענטשן אַף דער וועלט, האָט א היימיש־שוסטערישן קאָל, א הייזעריקן קאָל, א קאָל, מיט וועלכן מע טרעט ארויס אַף פארזאַמלונגען, א יאָמערדיקן קאָל, און מאַלע חיפל קוילעס א מענטש האָט!..

און צו איר — צו ציפּקעלען — האָט ער שטענדיק גערעדט אַף זײַן יאָמערדיקן קאָל.

און ציפּקען געפעלט זײַן יאָמערדיקער קאָל, און זײַן נאָז־שמייכל, און דאָס שוסטערישע לידל, וואָס ער זינגט איר, אַז ווי־שווארצע שנירלעך זײַנען אירע האָר, און העכטלעך — פראַווידלעס א פּאָר...

און טימאָכע דערציילט איר, אַז ער האָלט ניט פון די איצטיקע לעדערנע מיידלעך אין די לעדערנע רעקלעך, זיי זײַנען לויט א נײַעם פאַסאָן: קורצע אָפּצאַסן און לאַנגע נעזער.

נאָר ציפּקעלען טרייסט ער — דו ביסט שוין איינמאָל א פאַסאָן.

מאַכט עס טאַקע אויס, וואָס בײַ טימאָכען איז די נאָז אביסל גרעסער? ס׳מאַכט ניט אויס. ס׳איז א גלײַכע פּאָר!

און פאר ציפּקעלען — איז שוין טימאָכע א זאַך, וואָס האָט בײַמײַלע געמוזט קומען, קעדיי איר, ציפּקעלען, זאָל ניט זײַן אומעטיק. אַז איר מוז זײַן פריילעך.

און...

זי מאַכט זיך נאָר, אַז זי אַנטלויפט פון אים, בייס ער דערזעט זי.

פרעס האָט דערווײַלע געהויבן א מויער. פרעס האָט באַקומען א דערלויבעניש אַף הייבן דעם מויער. בויט ער אים און פּילט זיך איבער אים מײַסע באַלעבאָס. ער האָט אייך באַקומען א דערלויבעניש פון ציפּקעלען אַף קאָנען קושן, אַף קאָנען האַלדזן זי. און אַז ער וועט ענדיקן דעם מויער, וועט ער זיך נעמען זי „איבערבויען", ווײַל העסל האָט געוווּסט, אַז א מיידל איז זי א „קליין־בורזשואַזנע", עס פעלט אין איר נאָך אונטערשלאַק, און אַז זי איז נאָך פון אַלטן שניט, און מע וועט איר דאַרפן אביסל איבערניצעווען.

נאָר ציפּקעלע איז ניט קיינ מויער. בא איר איז ניט קיינ מויערנע הארצ. זי, ציפּקעלע, דארפ, מע זאָל איר אונטערזינגענ א לידל. אונ זי דארפ זיכ פארנעמענ מיט אויסראָטנ שוסטערשע אונ שניידערשע קלאָלעס. אונ נאָכ א זאכ האָט זי ליב: זי האָט ליב צו נעמענ פונ טימאָכעס הענט א שיינ בראָשקעלע — ווענ ער ברענגט איר א פיינ קעמעלע. זי, ציפּקע, דארפ דאָכ פאר זיכ עפּעס אויכ האָבנ א טרייסט! אונ וואָס ווייטער וויל זי אלצ א שענערס. אונ טימאָכינ, נעבעכ, קאָנ גאָרנישט ניט מאכנ — ער ברענגט, זי קאָנ נאָכ ברויגעז ווערנ אויכ! האָט טימאָכע אמאָל קיינ צייט ניט געהאט צו גיינ מיט איר שפּאצירנ, האָט זי גאָר פארקרימט דאָס מיילכל אונ אוועק צו נאָכעם דעם געלנ.

קאָנ דענ הערשל טראכטנ וועגנ אָט די גרויסע קליינינקייטנ?..

דערפאר אָבער האָט ער פארגעדענקט אלע קליינ-קליינינקייטנ צו דער ארבעט. אָט איז שוינ דערגאנגענ צו די לאָדנ, אונ ער זעט, אז טעסליארעס זאָלנ אויסארבעטנ שיינע לאָדנ. אונ אז ער דערזעט די געשניצטע ארבעט, כאפּט ער זיכ, אז ס'איז שיינ. אונ אז ער כאפּט זיכ, אז ס'איז שיינ, דערמאָנט ער זיכ אָנ ציפּקעלענ.

אינ אזא צייט פלעגט ער צולויפנ אהיימ, אונ ער פלעגט איר, ווי פריער, איינפּרעסנ אינ זיינע אָרעמס. אונ זי האָט זיכ ווי פריער געפּאטשט, אונ ער וואָלט זיכ גאָרניט געקאָנט פאָרשטעלנ, אז ס'איז פאראנ נאָכ אייגער אזא אפ דער וועלט, וואָס שילט זיכ מיט א קלאָלע, וואָס איז קיבאט ענלעכ אפ זיינער, וואָס כאפּט אויכ גועלכע זיסע פעטש פונ ציפּקעלעס הענטל, אונ אז עס רודערט אויכ דערביי.

אונ אזוי איז געגאנגענ א זומער. א זומער, וואָס האָט אויכ קעסיידער געשוויצט, געבויט מויערנ אונ וואָס פלעגט זיכ אויכ אנ אנדערש מאָל דערמאָנענ אונ פלעגט א גלעט טאָנ א מיידל איבערנ באק. נאָר דער זומער האָט גענומענ פארגיינ. רעגנס האָבנ אָנגעהויבנ שמייסנ. זיי האָבנ געגאָסנ באליעסווייז, צעבערווייז. געפלויגנ זיינענ רעגנ־טראָפּנס האסטיק איינע נאָכ די אנדערע, א הימל־ערד־עסטאפעט.

נאָר ס'איז גאָרניט ניט געשען. ווער ס'איז פריִער ארויסגעפלויגן, איז פריִער געקומען. און עס האָט געבליצט און געדונערט. א הימל־קארנאַוואַל, מיט באַראַבאַנען, טרומייטן, ראַקעטן און פּאַקעל־צוגן. און אָפּשייד־יאַנטעוו פאַרן אוועקגיין.

און די רעגנס האָבן געריסן און געשמיסן און האָבן שוין מער ניט געלאָזט בויען. נאָר די בוי־ארבעט האָט זיך שוין אומעטום געענדיקט. אפן גרויסן הויף איז שוין געשטאַנען א מויערל — ווי א נייִער בעגעד מיט פרישע קנייטשן, אַן אויסגעפּרעסטער. געשטאַנען א פריש־אָנגעפּאַרבטער, ווי ליפּן פון א מיידל, נאָר ער האָט געטאָן קליגער, ער האָט אויסגעהאַנגען אף זיך א ברעטל מיט גרויסע אויסיקס:

## „ОСТОРОЖНО, КРАШЕНО".

וואָס מיידלעך פאַרגעסן עס צו טאָן.

אף דער זיצונג פון הויף־פּאַרוואַלטונג איז באַשטימט געוואָרן: צום יאָנטעוו פון דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע קלייבן זיך די שכיינים אין מויער אַריין און זיי אָרדענען איין לעקאָוועד דעם מויער א „פייערלעכע עפענונג". און שכיינים האָבן זיך דערווייל געקליבן ארום מויער, געזאָגט מעווינעס, געשאַצט.

און אַלע האָבן געוואָרפן בליקן אף פרעסן, און פרעס האָט זיך געפילט ווי א קינד, וועלכן מע האָט אָנגעטאָן אין נייע בגאָדים, וואָס פילן זיך ניט גוט, ווייל ער מיינט, אז אַלע קוקן אף אים. פרעס האָט געפילט, אז היינט איז ער דער כאָסן, דער העלד פון טאָג. דאָס האָט ער אופגעשטעלט א מויער, וואָס יעדער קנייטש זיינער ליגט בא אים ווי צוגעשניטן. דאָס האָט ער געהאַט שוועריקייטן, און דאָס האָט ער דורכגעפירט א העלפאַנט דורך א לעכל פון א נאָדל.

און פרעס האָט געוווסט, אז ער דאַרף איצט עפּעס זאָגן.

ער איז צוגעגאַנגען צו אַן עלטערן יידל, א פּאַטש געטאָן אים איבערן פּלייצע און געזאָגט:

— נו... איצטער וועט איר זיין א גראַס אף ליעקערדע!

איז געשטאנענ דער ייִדל, געמאלעגיירעט די באָרד, געקוליעט די צונג פונ איינ זײַט אפנ צווייטנ, געשטאנענ אונ געקלערט, וואָס מיינט ער, דער פארוואלטער, דערמיט, וואָס הייסט „א גראפ אפ ליעקטרע"?..

נאָר גיינ פרעגנ וועט ער ניט, מע גייט ניט פרעגנ אזא נארישקײַט.

ער האָט קלוג אינטערגעשמייכלט צו פרעסנ, פונקט ווי ער וואָלט עס גוט צעקײַט, נאָר ער האָט פאָרט ניט פארשטאנענ. האָט ער אלצ געקוליעט די צונג אונ מיט אקשאָנעס פונ אנ אלטנ געשטאנענ אונ געקלערט:

ווי איז מענ דאָס א גראפ אפ ליעקטרע?..

### 3

דער מויער איז איליומינירט. פײַערלעכ בלויע, רויטע, געלע, גרינע צינדנ זיכ אָנ אונ לעשנ זיכ. אונ די טבאכ־באמוציגענ לײַכטנ אויכ מיט א גרינענ פײַערל. צינדנ זיכ אָנ די פײַערלעכ אונ פארלעשנ זיכ. זיי ווינקענ זייער קלוגנ זעט נאָר אקאָרעט, וואָס מיר קאָנענ!

אונ אינעווייניק, אפ נײַע טישנ זײַנענ אויכ צעשטעלט קויסעס, פיראמידנ פונ אלערליי פארבנ, אונ זיי ברעכנ אונ זיכ איבער די ליכט אונ לײַכטנ אויכ מיט פײַערדעכ רויטע, געלע, גרינע, בלויע.

אונ בא די טישנ זיצנ מענטשנ, אונ אלע האָבנ זיי אויגנ, אונ די אויגנ זײַנענ אויכ פונ פארשיידענע כארבנ אונ לײַכטנ אויכעט אָפ: שווארצע, בלויע, גרינע.

אונ פארבנ פונ ווײַבערשע טיכער.

אונ אינ רויטנ ווינקל פונ נײַעמ מויער זײַנענ ביסלעכווײַז אלע רויט געוואָרנ. ס'איז ניט נאָר רויט געוואָרנ דער רויטער שטערנ, וואָס הענגט איבער לענינס שמייכלדיקנ פאָרטרעט, בא אלעמענ, בא יעדערנ, זײַנענ איצטער געוואָרנ רויטע שטערנס, אונ יעדערער האָט

אונטערגעשמייכלט. און אַז די אַלע פאַרבן האָבן זיך געמישט בא פּרעסן אין די אויגן, און פּרעס זיצט און פינטלט מיט די אויגן. הײַנט דאַרף העסל פּרעס דערגרייכן זײַן העכסטן פונקט. באַלד וועט ער האַלטן באַם טיש עטלעכע זודיקע ווערטער. דערווײַל — ביז קומען צום העכסטן פונקט — איז ער געזעסן און געפינטלט מיט די אויגן. אַסאַך פונקטן זײַנען דורכגעפלויגן פאַרבײַ די אויגן, פינטעלעך רויטינקע, בלויינקע זײַנען געפלויגן פאַרבײַ, און, ווי שטענדיק, האָט איינס ניט דעריאָגט דאָס צווייטע.

ער האָט זיי פאַרטריבן, די פינטעלעך. זיי טאָרן ניט פאַרשטעלן אים הײַנט זײַן העכסטן פונקט, ער דאַרף נאָך הײַנט עפּעס זאָגן, ער דאַרף נאָך הײַנט עפּעס ריידן.

און באַלד איז אין זאַל שטילער געוואָרן, און באַלד האָט ער גערעדט. לעכאַטכילע ט'ער זיך אביסל געפּלאָנטערט, אפשר ט'ער געזאָגט, אַז דער הויף האָט געשענקט דער רעוואָליוציע א שיינע מאַטאָנע — א מויער, א צאַצקע! און דערנאָך האָט ער געזאָגט, אַז די רעוואָליוציע האָט עס געשענקט דעם הויף א מאַטאָנע. נאָר גאָר־ניט. ס'איז ניט קיין טאָעס. איינער האָט דעם אנדערן געשענקט, און מע איז קוויט.

און דערנאָך איז בא פּרעסן אוועק אסאַך גלאַטער. ער האָט שוין אינגאַנצן אַרויסגעטריבן די פײַערדיקע פינטעלעך פון קאָפּ און האָט אָנגעצונדן אין זיך אן אייגענעם פײַער, און פײַערדיקע ווערטער האָבן זיך געיאָגט דורך זײַן מויל. העסל פּרעס האָט געטײַנעט, אַז מיר האָבן אומעטום געזיגט, צו וואָס מיר האָבן זיך נאָר ניט גענומען, אונדזער אײַזערנע שער האָט אַלץ איבערגעשניטן. אונדזער הייסער פּרעס האָט אַלץ פאַרגלעט, און כאַווער העסל פּרעס האָט צוגעזאָגט: איסבויען נאָך א שענערן בינין.

פונקט. אָט דאָ האָט מען געפּאַטשט מיט די הענט, און דאָ איז געווען דער העכסטער פונקט פון כאַווער העסל פּרעס.

איצט האָט ער זיך אוועקגעזעצט, א פאַרמאַטערטער, אן אָפּגעלייר־דיקטער. קיין איין געדאַנק האָט איצט ניט געבלאָנדזשעט אין זײַן

קאָפּ. ער האָט זיך צוגעשפּאַרט אַפן דיוואַן און געקוקט מיט גאָרניט־זאָגנדיקע אויגן.

אַרום האָט מען געטאַנצט. עס האָבן זיך געפלאָנטערט פיס. און פונדעסטוועגן האָט מען זיך שטענדיק אָפּגעפּלאָנטערט, און קיינער האָט זיך נאָך ניט פאַרביטן און אַוועק אַף אַ פרעמדער פוס.

העסל איז האַלב געלעגן אַפן דיוואַן און האָט, ווי אַ שפּיגל, אַרייַנגענומען אין זיך און באַמערקט יעדער קער, יעדע קליינ־קייַט, וואָס איז פאָרגעקומען אין צימער, נאָר פונקט, ווי אַ שפּיגל, האָט ער וועגן גאָרניט געקלערט.

ער האָט איצט באַמערקט אַ באָראָדאַווקע בײַ נעכע דער גראָבער אַפן נאָז, וועלכע ער האָט קיינמאָל ניט באַמערקט. ער האָט באַ־מערקט, אַז באַ נאָכעם דעם געלן שוויצט נאָר די נאָז, און אַז כאַימען פעלט אַ קנעפּל אין זשילעט, ביז זייַן בליק איז געפאַלן אַפן פענצ־טער, און ער האָט באַמערקט דעם נייַעם שאָכן מיט זייַן גאָר יונגינ־קער ווייַב, וואָס האָבן זיך פאַרקליבן הינטערן גאַרדין, ווו זיי פאַרגאַנ־וועגען אַ קוש איינער דעם צווייטן.

אַ געדאַנק האָט אַ בליץ געטאָן בײַ אים אין קאָפּ. אַפילו אַ שפּיגל, אַז ער דערזעט, אַז מע גיט אַ קוש, גיט ער אַ קוש צוריק.

איז קיין וווּנדער ניט, וואָס העסל פרעט האָט מיטאַמאָל גענומען קלערן. ער האָט זיך דערמאָנט, ווי ער האָט געקושט ציפּקעלען אַפן הויף, זיצנדיק אַף די קלעצער, און דורך זייַנע אָדערן האָט דורכגע־שטראָמט אַ וואַרעמקייַט, וואָס האָט אים דערוואַרעמט און האָט אים אָפּגעפרישט. זי, די וואַרעמקייַט, האָט אים געלאָזט פילן, אַז ער קאָן ווייַטער הייבן פיס און ווי־עס־איז טרעפן, וועגן צו שטעלן איינע און וועגן די אַנדערע.

אַפריער האָט ער אופגעהויבן די אויגן און האָט אַ זוך געטאָן מיט זיי ציפּקעלען. נאָר זי איז דאָ ניט געווען. זי איז געווען, אַפּאַנעם, אין איינעם פון די ווייַטיקע צימערלעך.

האָט ער טאַקע אופגעהויבן די פיס אויך. אופגעשטאַנען, אַרויס

אינ קאָרידאָר, א קוק געטאָנ אינ עטלעכע צימערלעך, ביז ער איז דערגאנגענ צום סאמע הינטערשטנ צימערל, פונוואנענ ער האָט דערהערט איר גלעקל־געלעכטערל.

ער האָט האסטיק אנ עפנ געטאָנ די טיר.

א נעפל האָט אימ גלײַכ פארהילט די אויגנ. נאָר דאָכ א צענטל סעקונדע האָט ער יאָ געזענ. וואָלט ער גאָרנישט געזענ, וואָלט דאָכ מיט אימ גאָרנישט ניט געשענ. אָבער א צענטל סעקונדע האָט ער געוויס געזענ, וועהאָרײַע. א נעפל האָט אימ גלײַכ פארהילט די אויגנ.

אונ אינ דעמ צענטל סעקונדע האָט ער געזענ קלאָר, קלאָר ווי דער ליכטיקער טאָג, קלאָר ווי ציפּקעלעס פּאָנעמ, ער האָט געזענ, ווי ציפּקעלע זיצט בא טימאָכענ, אונ טימאָכע פארדעקט מיט איינ קוש עפּשער א האלבע פּלייצע.

א בייזע נעפּלדיקע שטילקײַט. פּרעס איז געשטאנענ מיט פאנאנדערגעריסענע אויגנ, אונ טימאָכע האָט זיכ אויכ דערפילט שלעכט. ניינ! ער האָט זיכ ניט געפילט. ווי א געכאפּטער גאנעוו. ניינ! טימאָכע האָט גאָר ניט געוווסט, אז ער האָט געגאנוועט, אונ ווענ ער וואָלט אפילע געוווסט, וואָלט אימ אויכ ניט ארנ. א מיידל, ווייס ער, גיט מענ א קוש, אָבער קיינ שטעמפּל בלײַבט ניט אפּ אירע ליפּנ. ניינ! ער האָט געקאָנט פארלײַדנ העסלס פאנאנדערגעריסענע אויגנ, ער האָט אָבער ניט געקאָנט פארלײַדנ די שטילקײַט. ער האָט דערפילט מאזאָליעס אפּנ הארצנ, וואָס זי, די שטילקײַט, רײַבט זיי...

ער האָט אויסגעגלײַכט דעמ מויל אונ אונטערגעברומט:

— וואָס קוקסטו אפּ מיר, ווי אפּ א „טומאנע קארטינע"?

פונ די ווערטער האָט זיכ העסל אופּגעכאפּט אונ האָט דערזענ, ווי ציפּקעלע האָט זיכ גאנצ שטיל ארויסגערוקט פונ צימער. ציפּקעלע האָט, אפּאָנעמ, ליב פריילעכערע סצענעס. זי האָט אויכ ניט געקאָנט פארלײַדנ די שטילקײַט, נאָר נאָכ מער האָט זי ניט געוואָלט לײַדנ די ווערטער, אונ דערצו איז גוט צו זיצנ נאָר מיט איינעמ פונ זיי, מיט ביידנ קאָנ זי ניט.

פרעס האָט זיך דערוויילע אופגעכאפּט, און ער האָט געפּרוּווט אויסשרייען מיט א פעסטן קאָל. נאָר ארויס איז ער א קרומער, א שוּיפּערדיקער:

— ווי קומסטו צו דער מיידל?

טימאָכע האָט ניט געענטפערט. ער האָט זיך געדארפט ריכטן אף אזא פראגע, נאָר ער האָט זיך ניט געריכט.

און העסל האָט נאָכאמאָל געפרעגט:

— ווי קומסטו צו דער מיידל?..

טימאָכע האָט געשוויגן, ווי ער וואָלט ניט פארשטיין. און ער האָט טאקע ניט פארשטאנען, נאָר העסל האָט געגעבן צו פאר־שטיין:

— דאָס מיידל איז מיינע, איך האָב שוין לאנג געהאלטן מיט איר באמ אָפּשרייבן זיך, דו הערסט, ברודער?.. ניטאָ וואָס צו קריכן אין פרעמדע וואָליקעס...

טימאָכע האָט שוין אינגאנצן פארשטאנען. אינעווייניק האָט עפּעס שטארק א בלאָז געטאָן, ווי א לאָקאָמאָטיוו־פייפ, און ער האָט שיר ניט אויסגעקערט די אויגן אף דער לינקער זייט, און ער האָט, ווי א לאָקאָמאָטיוו, אויסגעפייפט הארט און אומגליק־לעך:

— דאָס מיידל, זאָגסטו, איז דיינע?.. און דו ווייסט כאָטש, וואָס פאר א פּאָנעם זי האָט?.. דו האָסט זי עפּעס אפולע אין די אויגן אנגעזען?.. איך שעם זיך ניט פאר דיר: איך האָב זיך מיט איר גע־טראָגן, געניאנטשעט ווי א קינד, געפּיעסטעט. זאָגסטו, אז דאָס מיידל איז דיינע... הא?..

העסל האָט געשוויגן. ער איז געשטאנען, ווי א מענטש, וואָס האָט זיך מיטאמאָל דערמאָנט אָן לאנג פארגעסענע זאכן. ערשט איצט האָט ער זיך געכאפּט, אז א בלום איז געוואקסן בא אים אין הארצן, נאָר ער האָט פארגעסן זי צו באגיסן. ער האָט זי פאר־שלאָפן... פאר אנדערע געלאָזן...

אפן הארצן האָבן נאָדלען געשטאָכן. יעדערע פון זיי האָט געווים

אויסגעשטאָכן א טראָפּנדל בלוט, ווײַל ער האָט דערפילט א באַקײַט אין זיך.

ער האָט טעמפּ געכאַפּט:

— דאָס מיידל איז מײַנס! דאָס מיידל איז מײַנע!

נאָר טימאָכע האָט זיך שוין ניט פארטיידיקט. ער איז אריבער אין אָנגריף, און ער האָט גענומען רעציכעדיק שרײַען מיטן גאנצן פײַער, וויפל ער האָט נאָר געהאַט:

— דו הערסט!?.. דאָס מיידל איז מײַנע! זי איז מײַנע!

און ס'איז ווײַטער געוואָרן שטיל. און העסל האָט א קלער געטאָן, אז טימאָכע איז אומגערעכט און טימאָכע איז גערעכט. און זיי זײַנען געזעסן איינער אנטקעגן דעם צווייטן. און איינער אפּן אנדערן האָט געהאַלטן א שטילן קאַעס, און איינער אפּן אנדערן האָט ראכמאָנעס געהאַט. א געמיש פון געפילן האָט געשטראָמט, און וויהין אויסגיסן זיך, האָט ער ניט געוווּסט.

און טימאָכע איז געוואָרן נאָך שטילער. ער האָט פריער געשריען מיטן גאנצן פײַער, וואָס ער האָט נאָר געהאַט, איצט האָט ער זיך אינגאנצן אויסגעליידיקט, די גאנצע לאַווע אויסגעגאָסן, און ער איז איצט געבליבן אינגאנצן אָן פײַער. און אָנגרײַפן האָט ער שוין מער ניט געקאָנט.

און טימאָכע האָט פארשטאנען, אז העסל איז גערעכט, און טימאָכע האָט געשוויגן. ער האָט קימאַט אַלע סצענעס געזען אין קינאָ. אָבער טימאָכע האָט קיינמאָל ניט געקלערט, אז אַלע סצענעס קאָן מען איבערלעבן אויסערן קינאָ.

איצט האָט טימאָכע גאָרניט געקאָנט, איצט האָט טימאָכע ניט געוווּסט וואָס צו טאָן! טימאָכע האָט א קוק געטאָן אפּ העסלען און דערזען, אז ער שטייט און ער קוועטשט אין זיך עפּעס אײַן, פּונקט ווי אינעווייניק אין אים וואָלט א קאַץ געיאָמערט — און ער ציטערט, אז אָט־אָט וועט מען דערהערן דעם יאָמער, און ער האָט דערזען, אז בא העסלען איז עפּעס מער ווי א טוך אפּ אָנטאָן...

און אָט — העסל דער פּאַרוואַלטער, וואָס האָט געבויט דעם

מויער, וואָס איז אליין א שטיק מויער — שטייט אים אנטקעגן. ער האָט דערפילט, טימאָכע, אז א מויער האָט זיך אים געשטעלט אפן וועג, און ער קאָן סײַוויסײַ ווײַט ניט גיין.

אלץ האָט געקאָנט טימאָכע. ער האָט אָבער ניט געקאָנט שפרינגען איבער מויערן, און זײַן הארץ פארמויערן האָט ער אויך ניט געקאָנט.

ער האָט זיך א קער געטאָן צו העסלען און געזאָגט:

— הערסט, העסל, ביסט עפשער גערעכט... איך בין דאָ טאקע איבעריק.

און האָט שטילער צוגעגעבן מיט אן אונטערטעניק־ווייטעקדיקן שמייכל:

— מײַלע... כ׳זע, זי איז פאר דיר... נו... מײַלע... אבי כ׳האָב געמיינט, ס׳איז פאר מיר... האָסטו מיר געזאָגט „גיי געזונטערהייט"... אזוי, דאכט זיך, ווינטשט מען דאָך, הא?

אָט די שטיל־ווייטעקדיקע ווערטער האָבן דורכגעשניטן סײַ טימאָכען און סײַ פרעסן. בא טימאָכען האָבן זיי איבערגעשניטן זײַן אויבערשלאק, ווײַל הײַנט האָט פרעס צום ערשטן מאָל אין לעבן דערזען טימאָכעס אונטערשלאק, ער האָט אים דערזען אפ דורך און דורך, און ער האָט דערזען, אז טימאָכע איז עפעס מער, ווי ער האָט געמיינט וועגן אים, ער האָט זיך געכאפט, אז אזויפיל צײַט, ביז הײַנטיקן טאָג, האָבן זיי געטראָפן איינע די אנדערע און געזען נאָר דעם אויבערשטן שאָלעכץ, מערניט דעם דינעם אויבערשלאק, און הײַנט האָט ער ערשט דערזען, ווער איז אזוינס טימאָכע.

פרעס האָט אים דערלאנגט זײַן האנט, זײַן גרויסע האנט.

אוןביידע האָבן זיך אומגעקערט צום טיר. פון איין זײַט א שפיגל, פון דער צווייטער זײַט א פענצטער. אין שפיגל האָבן זיי דערזען איינער דעם צווייטנס פּאָנעם. עס איז קענטיק געווען, אז פריִער האָט זיך אין זיי עפעס געקנײטשט, גענעצט, נאָר איצט האָט זיך שוין דורכגעלופטערט, און אפ זיי האָט זיך שוין גענומען איבערציִען א פרישקײַט, פונקט ווי אפ דער ערד נאָך א רעגן.

און דערנאָך האָבן זיי איבערגעוואָרפן זייער בליק אפן פענצ־טער.

פון פענצטער האָבן זיי שוין זייער בליק ניט אָפגעריסן. אן אומ־זיכטבארער פאָדעם האָט זיי שוין צוגעבונדן צום פענצטער.

זיי האָבן געקוקט מיט געקויפלטע אויגן, מיט פארגרעסערטע ווייסלען און מיט פייערלעך אין די שווארצלען. זיי האָבן געזען:

אפן הויף אונטערן שיין פון לעוואָנישן לייכטנדיקן נעפל און אונטערן שיין פון לעמפעלעך — רויטע, בלויע, געלע, גרינע — שפּאַ־צירן זיך ציפּקעלע מיט דיוואנטשיקס באָכערל, אָט מיט דעם גייוועדיקן אריסטאָקראטל, וואָס האָט נאָך קיינמאָל קיינעם קיין גוטמאָרגן ניט געענטפערט און וועלכן מע האָט, דאכט זיך, קיינמאָל ניט באַמערקט, ווייל ער האָט קיינעם ניט באמערקט.

ער האלט איצט פעסט ציפּקעלען, אָט די ציפּקעלע, וואָס איז געווען אן אייגענע, א בלוטיקע, מיט וועלכער מע האָט פארבראכט א גאנצן זומער, באהאלטנדיק טרוימענ אף ווינטער...

זיי האָבן מיט גוואלד אָפגעריסן דעם בליק פון פענצטער און טיף אריינגעקוקט איינער דעם צווייטן, ווייל זיי וואָלטן וועלן דער־גיין אלץ, אלץ, וואָס איז געשען, דערגיין עס איינער באם אנדערן אין די אויגן, ווארעם ווו קען מען נאָך ערגעץ לעזן, אויסער אין זיי?.. נאָר זיי האָבן איינער באם צווייטן גארנישט ניט געטראָפן, ווייל אָפגענארטע זיינען זיי געווען, די אויגן, און זיי האָבן זיך פאר־שעמט, און זיי האָבן זיך פארמאכט. יאָ! אויך אף דעם האָט זיך טיר־מאָכע ניט געריכט. נאָר צי האָט ער זיך געדארפט ריכטן?.. אפּאָנעם, אז יאָ.

ער האָט די אויגן ניט אויפגעהויבן, נאָר ער האָט ווי עס איז גע־הויבן די ליפּן:

— הא, העסל?.. סט'געבויט א מויער... צוגענומענ אים בא די־וואנטשיקן... אלץ האָבן מיר צוגענומען בא די בורזשויען?.. און מיר האָבן גענומען פונדעוועגן אין אונדזער הארצ... כ'ווייס?.. דאכט זיך, א מיידעלע א גאָלד... קומט א דיוואנטשיקל, א נאָגידס א

זונדל, און ט'זי אָפּנעמען בא אונדז... האָבן מיר, הייסט עס, ניט אַלץ צוגענומען בא זיי... הא, העסל?..

פּרעס האָט דערוויַיל געשוויגן, בא אים האָט נאָך געהערשט די גרויזאַמע שטילקייַט, וואָס פאַר א שטורעם. קאָנטיק, אז באַלד וועט בא אים עפּעס אַרויסשפּאַרן, נאָר דאָס האָט מען דערוויַיל געקאָנט זען נאָר דורך די פענצטער פון קאָפּ — דורך די אויגן.

און טימאָכע האָט וויַיטער גערעדט:

— האָט ער איר געוויס בראָשקעלעך געקויפט... גאָלדענע... זי האָט עס ליב... וועט זי צו אים געהערן, הא, העסל?..

בא העסלען איז איצט געוועזן א געלאַפּ, א געשטופּעריַי פון גע־דאַנקען, געפילן. ערשט איז אָנגעלאָפן דער געפיל פון אייפערזוכט, נאָר נייַע געפילן האָבן אים גליַיך פאַרטריבן. צו וועמען?.. אָט די פייגעלע, וואָס זינגט פאַר אַלעמען, איז איבערגעפלויגן צו דיוואַנ־טשיקל?..

און פּרעס איז איצטער ניט געוועזן פּרעס, ער איז געוואָרן א מאַשין. יעדע אָדערל, יעדע הויט־טיילכל, יעדע בלוט־קייַקעלע האָט איצט אויסגעאַרבעט בא אים א נייַעם געפיל, א געפיל, וועלכן ער האָט שוין לאַנג פאַרוואָרפן, דעם געפיל פון סינע. ס'איז ניט די סינע, וואָס קלייַבט זיך ביסלעכוויַיז און ווערט אָלטגעבאַקן. ס'איז די גרויסע סינע, וואָס ווערט אָנגעצונדן מיטאַמאָל, ווי א בענגאַלישער פייַער, די סינע, וואָס קומט נאָך דער פּלוצלינג פאַרגעסענער ליבע...

און צווישן אָט די געפילן האָט זיך נאָך געדרייט א געפיל פון עקל און פאַרדראָס. א פאַרדראָס אַף דעם, וואָס ווי האָט עס גאָר געקאָנט זייַן מויערנע האַרץ אָנגערירט ווערן פון אַזא זינג־פייגעלע. וויַאזוי ווערט עס, פונדעסטוועגן, אַזא האַרץ לעכאַטכילע אָנגעטאָטשעט? ס'איז, אַפּאָנעם, איינע פון די איבערבלייַבענישן, אַן איבערבלייַבעניש, מיסטאָמע, פון דער אַלטער געזעלשאַפט.

ערשט איצט האָט ער זיך דערמאָנט אָן טימאָכעס לעצטע ווער־טער:

— זאָל זי אים געהערן, מיר דאַרפן זי ניט. הערסט, טימאָכע?..

פאר אונדז טויג זי ניט: מיר דארפן האָבן א געזינטערן עלעמענט...
פארשטייסט?..— —
— נו... דו פארשטייסט דאָך!

טימאָכע האָט עס נאָך אינגאנצן ניט באַנומען. ער איז נאָך אַלץ געגאנגען און געצויגן זײַן פריערדיקן געדאנק, אז אלץ דארף אים געהערן, טימאָכען.

העסל האָט דערפילט, וועגן וואָס טימאָכע טראכט. ער האָט געזאָגט:

— הערסט, טימאָכע, אונדז וועט געהערן אַלץ, אַלץ, וואָס מיר דארפן. אָט האָבן מיר גענומען א מויער און געמאכט פון אים א צאַצקע. א צאַצקע האָבן מיר פון אים געמאכט... אָבער וואָס מיר דארפן ניט, לאָזן מיר איבער... שמאטעס לאָזן מיר... פארשטייסט?..

טימאָכע האָט אָנגעהויבן צו פארשטיין, ווײַל ער האָט דערפילט, אז עס ווערט אין קאָפּ בא אים קלערער, אז עס הערט אויף צו שטעכן דער ווייטיק.

ער איז געגאנגען און האָט אונטערגעברומט:

— הער... יאָ... א מויער... אָט שטייט ע־... אָט שטייט זי, דײַן ליימענע קאַלע... הא, העסל? אזא קאַן, דאכט זיך, ניט אנטלויפן?

זיי זײַנען ארויס אפן גאס. און הינטער דעם מויער די „ליימענע קאַלע", וואָס איז הײַנט טאקע געווען באהאנגען ווי א קאַלע, מיט לעמפּעלעך, פּאטשערקעס, רויטע, בלויע, געלע, גרינע. הינטער איר זײַנען געשטאנען אסאך מויערן, געשטאנען ווי מעכוטאָנים, ברידער, שוועסטער, א גרויסע מישפּאָכע, אַלע אין פײַערלעך, ביז וועלכע זיי האָבן זיך דורכגעוואונקען. זיי דערציילן געוויס וועגן דעם, אז מענטשן האָבן געלייגט ציגל צו ציגל, געבונדן איינער צום אנדערן און געהויבן א שטאָק אפּ א שטאָק. און איצט איז דער יאָנטעוו פון די מענטשן. איצט איז געוואָרן צען יאָר, זינט אָט די מענטשן, די בוייער, האָבן גענומען אויך באלעבאטעווען איבער זיי.

און העסל האָט באַקוקט אָט די אַלע מויערן, און צו די אַלע געפילן איז־אים אָנגעלאָפן אין הארצן נאָך א געפיל: פרייד. ער האָט דאָ אויך א ביילעך, אָט שטייט זי, זיין „לימענע קאַלע". ער האָט אויך געבויט א מויער!

און אפן גאס האָט געשײַנט די לעוואָנע, און די נאכט איז געווען א קלאָרע, און די לעוואָנע אינמיטן — א גילדענע טעלערל.

.1928

# באמיר אינשפיגל

1 —

## אלע פארבן פון רעגנבויגן און נאָך עטלעכע

דער ווײַסער הימל ברעקלט זיך. דער ערשטער שניי פאלט ארויס. דער שניי איז ווײַס. דער שניי איז קלאָר. זײַן ווײַסע קאלטקײַט גיט ער מיר איבער אין הארצן: די ווײַסקײַט בלײַבט, און די קאלט־קײַט ווערט אָנגעווארעמט.

און דערפאר פיל איך זיך לײַכט און גרינג, ווי א קינד נאָכן באָדן, איך גיי און גליטש זיך אונטער, און א פרייד גליטשט זיך אין מיר.

פונדערווײַטן דערזע איך א קאָפּ שווארצע האָר און א שלאנקע פיגור. יאָ! ס'איז, דאכט זיך, רייזעלע, מײַנע א באקאנט מיידל. איך לויף האסטיק צו, און אן אײַליק קאָל גליטשט זיך בא מיר ארויס:

— רייזעלע!

איך גיב א קוק: א פרעמד מיידל. נאָר עפּעס האָט געטראָפן מיט מײַנע אויגן. זי, דאָס מיידל, האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין זיי, און אירע מענטשעלעך האָבן אופגעריסן מײַנע אויגן. מײַנע אויגן האָבן זיך נאָך קיינמאָל ניט דורכגעשמייכלט מיט אזעלכע אויגן. אין אירע אויגן, אין די האָר, אין געזיכט האָב איך אײַנגעזען אלע פארבן פון רעגנבויגן, און דערצו נאָך עטלעכע. און איך האָב דערהערט א קאָל א שטיל־מעלאָדישן און פרישן, פּונקט ווי גאָלדענע פיש וואָלטן ארויס־געשווומען פון קלאָרינקן וואסער:

— Вы, наверное, ошиблись!

און איך האָב זיך אָנגעוואָרן ווי א מאטבייע אין שניי. זי לאָזט זיך אראָפּ און לאָזט א טיפן צייכן. מײַנע געפילן האָבן זיך אויך אראָפּגעלאָזן, פאַרלאָרן. א טיפער צייכן איז אָבער געבליבן נאָך זיי. איך האָב עפּעס א טרייסל געטאָן מיט פוסטע ליפּן, ווי אנטשולדיקט זיך — און האסטיק אנטלאָפן.

ווי נאָר איך בין געקומען אהיים, האָב איך גענומען טראכטן פון דער מיידל, פון דער פאַרבײַגייענדיקער מיידל, וואָס האָט געלאָזן אזא טיפן טראָט בא מיר אין הארצן. א מאָדנער פארלאנג האָט מיך אָנגעכאפּט: נאָכאמאָל זען דאָס מיידל, הערן איר קאָל. פון אלע זייטן האָבן בא מיר גענומען שטראָמען געפילן, און ווער ווייס, צי זיי־נען די שטראָמען געווען גאָר ריין, וואָרעם די ווײַסקײַט אין הארצן האָב איך שוין מער ניט־געפילט...

איך האָב זי געטראָפן אין דער נעפּל־פײַעדדיקער שטאָט. אומזיסט בין איך אזויפיל געלאָפן. זי ווינט עטלעכע הויפן פון מיר. איר הויף געהערט צו דער זעלבער וווינונג־געזעלשאפט, וואָס אונדזערער, און מײַן פאָטער איז אים פון דער פאַרוואלטער.

זי איז געשטאנען לעבן טויער. ארום איז גאָר א ווייכער שניי, און ער פערלט זיך אנטקעגן דער לעוואָנע. און בא איר זײַנען אויגן ברייט־צעעפנטע, קײַלעכדיקע, ווי א פּאָר לעוואָנעס, און ארום אסאך שניי — שטערן.

ווי עפּעס א פאַרפראָרנס וואָלט גענומען אין מיר צעגיין.

איך בין גיך צוגעגאנגען, און ווי איך וואָלט עס געטאָן ניט ווילנ־דיק — עטוואָס א שטופּ געטאָן זי.

— אך, אנטשולדיקט!

און איך האָב דערהערט:

— ניט שטופּט זיך און ניט אנטשולדיקט זיך.

א געוויינלעכער ענטפער פון א געוויינלעכער מיידל. אָבער איך האָב דערזען אירע אויגן — אויגן ווי ווײַטערינעס — אלץ איז אין

זיי אויסגעשטעלט — אפילו דאָס, וואָס איז עפשער ניטאָ אין קראָם. איך ווייס, אזעלכע אויגן נארן אָפּ אָפּט.

נאָר פון דעם האָב איך דאן ניט געקלערט, איך האָב נאָר א קלער געטאָן, אז אָט־אָט, דער געשפּרעך ענדיקט זיך... און שוין... און ווייטער גאָרניט.

נאָר איך האָב זיך פאַנאַנדערגערעדט... איך האָב פאַרבייַגייענדיק אַלץ דערציילט. ס'איז מיר געקומען צו רייד, אז מע רופט מיך ווייליע יאָדער — אז איך בין א יונגער יידישער ליטעראַט... יאָ, א שרייַבער...

אָ, וועט איר מיך באַשרייַבן...

— יאָ, געוויס וועל איך אייַך באַשרייַבן, אייַער פּאָנעם, וואָס איז שיין, ווי א קינדערשער כאָלעם, אייַערע וווּנדערבאַרע אויגן, וואָס זייַנען טיפער פון לעבן...

פע! כאַלאָשעס! ס'איז גאנץ נארישע קאָמפּלימענטן. נאָר זי האָט עס אָנגענומען פאר קלוג, פאר זייער קלוג...

מיר האָבן זיך שוין צעשיידט ווי אַלטע פרייַנט, ווי אַלטע כאַווייַרים, געדריקט זיך די הענט.

זי הייסט מאַטילדע. איינמאָל א נאָמען — מאַטילדע! יידישע מיידלעך האָבן ניט אזעלכע שיינע נעמען.

— איר מיינט מיט אן עמעס? איך וועל אַרייַנגייַן... ווי־זשע?..

איך האָב ליב קינדער. איך האָב זיי ליב ווי די וועלט. בא מייַן שכיינע איז פאראן א מיידעלע בעבינקע רופט מען זי — בלויע אייגעלעך האָט זי, און זי דערמאָנט מיר יענע, וועלכע האָט אויפגעוועקט מייַנע דרעמלדיקע געפילן... און ווען איך רייד מיט איר — קלער איך ניט, צי איך רייד קלוג, צי נאריש, נאָר זי מאכט זיך אייך, אז זי פארשטייט אַלץ, און הערט צו מיט קעציש־פאַרשטייענדיקע אויגן.

איר דערצייל איך — נייַן! דאָס דערצייל איך זיך אליין, — אז

איצט האָב איך ליב א גרויס מיידעלע און ווייס אָבער ניט גוט, ווי מע ליבט, מײַן שטיל־פֿײַערדיקע הארץ איז ניט געוווינט צו דעם.

איך גיי אָפּט ארײַן צו מאַטילדען. קוקנדיק אַף איר, דוכט זיך מיר, אז מע דארף, ריידנדיק מיט איר, ארויסזאָגן נאָר איינע כאָכ־מעס — ווערטער, וואָס זײַנען נאָך קיינמאָל ניט געזאָגט געוואָרן, פֿרישע ווערטער. מיר דוכט, אז זי איז די רייִנסטע, די שענסטע אַף דער וועלט, הײַנט שטעל זיך פֿלוידערן מיט איר.

זי איז אָבער פֿון מײַן שווײַגן ניט צופֿרידן:

— וואָלט עפּעס זאָגן דער יונגער פּאָעט...

פֿארשעמט זאָג איך אָבער:

— וואָס זאָל זאָגן דער יונגער פּאָעט?..

און כ'שווײַג...

— ס'איז אומעטיק, יונגער פּאָעט.

— יאָ — זאָג איך איר — פּאָעטן זײַנען אומעטיקע נעפּאַשעס.

און איך נעם דערציילן איר עפּעס. זי מאַכט זיך האַלבהערנדיק, אָבער זי הערט.

און אוועקגיין פֿונדעסטוועגן איז מיר שווער. עפּעס געפֿין איך ניט קיין מוט אוועקצוגיין. אופֿהייבן זיך און אוועקגיין — ס'איז א צו גרויסער קער. אַלעמאָל פֿיל איך זיך ניט גוט, ווען איך דארף אוועקגיין. איך קלײַב אין זיך אָן מוט פֿון אסאך צײַט פֿריִער...

נאָר איך גיי סאָפּקאָלסאָף אוועק. איך גיי אהיים.

מײַן פֿאָטער ווייס שוין פֿון איר. מײַנע אמאָליקע כאַווייריִם די שוסטער כ'האָב זיך צוזאמען מיט זיי אמאָל געלערנט אין פֿראָפּשול האָבן אים דערציילט:

— אײַ, האָט זיך וועליע אײַנגענאדזשעט אין א פּיירע.

שוסטער האָבן צו דעם א ספּעציעלן כוש. זיי דערשמעקן עס באַלד.

מײַן פֿאָטער שמייכלט, א הײַנטוועלטיקער.

מיר איז זי געפֿעלן, איז וועמען ארט עס, וואָס זיי לאַכן פֿון

מיר? נאָר מיר דוכט זיך, אז איך דארף צושטעלן א בענקעלע, קעדיי צו דערלאנגען זי. זי איז אזוי אָנגעצויגן, אזוי ווונדערשיין. און איך...

איך האָב א פּאָר שווארצע אויגן, זיי קאָנען אָבער ניט אויס־האלטן איר ליכט. און זיי פארמאכן זיך און זיי פארשעמען זיך. איך האָב א ליבנדיק הארץ, איז עס אָבער א צו פילנדיק און שטענדיק שפּירט עס נאָך יענעם, און דערפאר פארגעסט עס, ווי אליין צו האלטן זיך.

קורץ, כ'מיין, אז איך ווער מיעס דער מיידל.

איך נעם וואָס וויַיטער אלץ זעלטענער אריַינגיין צו איר. זי איז גוט באקאַנט מיט מיַין כאווערטע רייזעלע, און זי גייט דורך איר אי־בער, איך זאָל אָפטער אריַינגיין צו איר.

איך גיי אָבער אלץ ווייניקער אריַין, כאָטש מיַין הארץ ציט מיך צו איר, כ'וויל ניט, איך זאָל איר איַנגאנצן דערעסן.

זאָל מיך צו שלעכטס ניט דערמאָנען דאָס מיידל, וואָס האָט איַנזיך אלע פארבן פון רעגנבויגן און דערצו נאָך עטלעכע!..

## 2

## דער רעגן האָט אויך ניט אָפּגעוואשן

גאָרניט! כ'בין דאָך גאָרניט אזא גאָרנישט!.. אָט גייט א זומער, אָט צעגרינען זיך די בלעטער, אָט צעשמעקן זיך די בלומען, און איך וויל זיך מער ניט צוהערן צום נארישן קלאפּן פון מיַין אָנגע־רירט הארץ.

כ'וועל אלץ פארגעסן, איך וועל ריין אויסוואשן מיַין הארץ, ס'איז דאָך נאריש מיט אָט דעם נארישן הארץ־קלאפּן צעלעכערן מיַין לעבן.

אָט גייט א רעגן, דער ערשטער זומערדיקער גוסרעגן. ער וועט אלץ אָפּשווענקען, ער וועט מיַין הארץ אויך אָפּשווענקען. נאָר איך גיי ארויס אפ דער גאס, אפ דער פריש־אויסגעוואשענער גאס. און

אָט איז דער סאָד, די גרינע האָר פון דער עָרד זײַנען ווי צוגעקעמט. אלץ איז אין אָרדענונג, אלץ איז גוט.

אָבער אפן הימל איז א רעגנבויגן. צוויי רעגנבויגנס. איינער העלער פון צווייטן.

און איך דערמאָן זיך אָן דער מיידל, וואָס האָט אין זיך אלע פארבן פון רעגנבויגן און דערצו נאָך עטלעכע.

האָט ניט געהאָלפן, הייסט דאָס, דער רעגן. וואָס עס איז פארקריצט אפן הארץ — קאָן מען מיט א רעגן אויך ניט אָפוואשן.

קלאפ, נאריש הארץ, קלאפ!

---

אין א שאבעסצונאכט קום איך אהיים און טרעף מײַנע אלטע כאווירים שוסטער און שטעפערקעס. מע נעמט מיך איבער מיט א ברייטן גוטמאָרגן:

— וואָס מאכט יעקל בערעב פלעקל?..

אזוי רופן זיי מיך: „יעקל בערעב פלעקל״.

און זימקע דער „פּאָעט״ זינגט מיר צו א לידל:

א [illegible]ער ראכמאָנעס
אפ יעקל בערעב פלעקל —
ער׳ס פארסטראָמט דאָס הארץ
מיט א הילצערנעם טשוועקל...

איינער לייגט פאָר מאכן א שפאציר אין פארק. מע שלעפט מיך, איך זאָל אויך גיין.

זימקע רעדט מיך אײַן:

— עס קוועטשט, הא? מע דארף אביסל גיין, וועט זיך פאנאנדערשפארן. קום, ברודערקע.

פלוצים גיט ער זיך א כאפ:

— אײַ, דאָ איז פריִער געווען רייזעלע. זי האָט געזאָגט, אז זי דארף דיך זייער נייטיק האָבן, און אז דו זאָלסט קומען צו איר צען אזייגער. שטעל פיס, ברודערקע, עס איז שוין דרײַ פערטל צען.

— ניין, ס׳קאָן ניט זײַן,—זאָג איך,—אפּ וואָס קאָן זי מיך דארפן?

איך פלעג אמאָל ארײַנגיין צו רייזעלען. דאָרט פלעג איך אַנ-אנדערש מאָל טרעפן מאַטילדען, וועלכע פלעגט אָפט ארײַנגיין צו איר. אָבער כ׳בין שוין לאנג דאָרט ניט געווען און האָב מיט רייזעלען זיך זעלטן געטראָפן.

— גלויבסט ניט? זאָל מײַן קאָפּ ווערן ווי אַנדערהאלבן צעבער די גרייס, אויב איך זאָג ליגן!..

און אלע כאפּן אונטער און באשטעטיקן.

איך גלויב ניט. און איך זאָג זיך אָפּ צו גיין. מיסטאָמע נארן זיי מיך אָפּ, קעדיי איך זאָל גיין רופן רייזעלען אפן שפּאציר.

די שוסטער מאכן ביטל-מינעס, און די שטעפּערקעס — באליידי-קונג-קנייטשן.

— וואָס וועלן מיר דיך אָפּנארן?.. מאלע אפּ וואָס זי דארף דיך האָבן.

איך גלויב און גלויב ניט. איך שטעל זיך ניט פאָר, אפּ וואָס קען זי מיך דארפן, רייזעלע...

פלוצים גיט מיר א בליץ אין קאָפּ:

מאַטילדע האָט עפּשער... עפּשער איז זי בא רייזעלען, און איר האָט זיך מיטאמאָל פארוואָלט זען זיך מיט מיר.

זי האָט גערופן נאָר מיר. דאָס גיט מיר צו מוט. דאָס האָט פאר-שלײַדערט מײַן קליינמוטיקײַט, מײַן שעמעוודיקײַט.

איך קום גלײַך צו איר. זי איז, ווי שטענדיק, שיין, שענער פון אלץ, איך דריק איר די הענט. זי דריקט מײַנע הענט מיט פרייד.

סארא נאר איך בין געווען! אבי איך האָב געמיינט, אז אירע קליינע פארשפּיצטע פינגער זײַנען צו הייליק, זי זאָל זיי געבן דריקן מענערישע אָדערדיקע הענט. אָך, ווי גערן זי גיט זיי!

איך רייד נארישע רייד — ווי בא אונדזער ערשטער ברעפונג. און זי זאָגט, אז ס׳איז קלוג, זייער קלוג. איך קוש זי, און זי קושט

מיך אויך. אײַ, ווי זי קושט! זי רינגלט צונויף אירע ליפּעלעך, ווי א פּיאַווקע, און זי רײַסט זיי קוים אָפּ.

די קישעפ־זײַד, מיט וועלכע מײַנ דימיענ האָט זי פריִער פאר־הילט, איז איצט צעריסנ געוואָרנ, נאָר ס'מאכט ניט אויס, זי איז מיר נאָך טײַערער. זי איז איצט אנ ערדישע מיידל, מיט אלע מיידלשע פארלאנגענ.

זי וויל, איך זאָל זי נאָכאמאָל א קוש טאָנ.

זי מיינט, אז איך בינ געוואָרנ עפּעס גאָר אנ אנדער מענטש... אָט ווי אלע, און נאָך בעסער... פריִער — זאָגט זי — בינ איך גע־ווענ — עפּעס א מאָדנער מענטש... איך פלעג קושנ נאָר מיט די אויגנ. אויגנ האָסטו שטענדיק געהאט א פּאָר זשוליקעס... נאָר ס'איז ווייניק...

און איך בינ גליקלעך. גליקלעך, וואָס איך האָב דאָס שענסטע מיידל. גליקלעך, וואָס איך בינ איבערגעבאָרנ געוואָרנ אפדאָסנײַ. גליק־לעך, וואָס איך האָב זיך דערוווסט, אז דורך נארישקײַטנ ווערט מענ קלוג... איצט איז זי ווי א זייגערל בא מיר אפ די הענט: ווענ איך וויל, גייט זי בא מיר, און דאכט זיך, אז זי גייט, אָבער איך טראָג דאָך זי. די שיינע מאטילדע, די וווּנדער־שיינע, איז איצט ניט קיינ הימלשע מיידל, פונ איר קוק מוז מענ אנטשוויגנ ווערנ. די שיינע מאטילדע איז איצט אנ אומזיסטע בײַלאגע צום כאווער וועליע יאָדער, וועלכער האָט קיינמאָל פונ זיך ניט געוווסט און וועלכנ עס דוכט זיך, אז איצט פארשטייט ער עפּעס.

3

## אינ א פינצטערער נאכט האָב איך גענומענ זענ

הינטערנ טיר איז געשטאנענ א מענטש. ער איז געשטאנענ און צוגעהערט זיך. אָפּטער פונ אלץ האָבנ זײַנע גרויסע אויערנ אופגע־כאפּט אנ אָפּקלאנג פונ דינינקע קושעלעך, א דינינקער קלאנג, פּונקט ווי קליינינקע פייגעלעך צוויטשערנ. קלאנגעלעך אָפּטע

און אָפּגעריסענע. צווישן זיי, נאָר שוין ניט אַזוי אָפּט, האָט ער געהערט קושן ברייטע, ליפּיקע, און זייער אָפּקלאַנג איז פּונקט ווי מע שלעפּט אַרויס אַ פּראָפּקע פון אַ פלעשל.

דער מענטש איז מאַטילדעס פאָטער. ער האָט אַ טעווע אונטער־צוהערן, ער שטייט דערבײַ מיט אַ פאַרטרוימטן פּאָנעם. ער דער־מאָנט זיך, מיסטאָמע, אַז ער האָט אויך אַמאָל געקושט. און איצט זיפצט ער אין זיך.

— איצט קושט מען!

איך האָב אים פײַנט, מאַטילדעס פאָטער. ווען ניט זי, וואָלט איך אים שוין לאַנג אָנגעשפּיַט אין פּאָנעם.

איך בין שטענדיק בײַ מאַטילדען. איך האָב אופגעהערט צו שרײַבן, כ׳באַזוך ניט דאָס קעמערל, כ׳האָב זיך אָפּגעריסן פון מײַן אַר־בעט, פון מײַנע כאַווערים, פאַרלאָזן זיי צוליב אַ מיידל, וואָס האָט מיך פאַרשאַדעט.

גייט זי אַוועק אַ מינוט, טשוכע איך זיך אַביסל אויס, און געדאַנ־קען, ווי קאָמאַרן אין אַ הייסן טאָג, באַפאַלן מיך:

— וועליע יאָדער, ביסט אויס מענטש געוואָרן, דו האָסט געכאַפּט אַ מיידל, אַ ספּעקוליאַנטס אַ טאָכטער, און צוליב דעם וואַרפסט אַוועק אַ מענטש זײַן געזעלשאַפט, זײַן אַרבעט, זײַן מויעך און טשעפּעט זיך אײַן אין אַ מיידל? ביסט פאַרמיידלט געוואָרן, ברודערקע, ס׳איז אַ הינטיש לעבן!

איך גיב זיך דאַן אַ הייב פון שטול, גיב אַ שאַר מיט די הענט — פּונקט ווי איך וואָלט וועלן זיך פון עפּעס אָפּרײַסן און אָן עפּעס אָנכאַפּן, נאָר איך זעץ זיך צוריק אַראָפּ אָנמעכטיק.

זי באַמערקט עס, זי האָט טײַנעס. בייגט זי זיך צו מיר אײַן, נעמט אַרום מײַן קאָפּ און זאָגט מיר:

— ביסט ווידער אומעטיק, יונגער פּאָעט...

זי בייגט זיך נאָך מער און קושט מיך.

און אַזוי־ווי זי איז אײַנגעבויגן, דערזע איך מיטאַמאָל — אַ זיל־בערן ציילעמל אָפּ אַ דיק זילבערן קייטעלע, וואָס הענגט טיפ

אונטערן האלדז, וואָס איך האָב ביז אהער קיינמאָל ניט באַ־מערקט. דאָס זילבער האָט אָפּגעגלאַנצט און האָט א בלענד געטאָן מײַנע אויגן...

מיטאמאָל איז מיר דורכגעלאָפן א בילד פאר די אויגן: מאטילדע שטייט אין קלויסטער, זי שטייט אף די קני פאר אן אלטן גאלעך, קושט אים די האנט און איז זיך מיסוואדע...

כ'פרווו מיך אײַנשטילן: ס'איז דאָך א קלייניקײַט. מעגלעך, אז זי גייט גאָרניט אין קלויסטער. מעגלעך, אז ס'איז נאָר פון צירונגוועגן.

נאָר עמעץ לאכט זיך אין מיר פאנאנדער... כא, כא, זי קושט דעם גאלעך!..

מײַן הארץ איז זיך צעלאָפן ווי א נארישער פערד...

און אין אזא צײַט איז געגוג א קליין שמיצעלע, מע זאָל זיך צעטומלען.

איך האָב האלאָפירט, און איצט בין איך צעטומלט פון א קלייני־קײַט. דאָס קליינע ציילעמל האָט מיך געשטאָכן מיט זײַנע אלע פיר עקן. געוויס א קלייניקײַט, אָבער זי אנטפּלעקט אסאך.

דורך א קליין טרײַבל איז בעסער צו זען.

— א ציילעמל, — פּיקט מיר אין מויעך, — א רעליגיעזע, א קליינבירגערן, א נעפּמאנס א טאָכטער, און איך...

דער זילבערנער גלאנץ פון ציילעמל: ער שנײַדט די אויגן!..

און אין הארצן שנײַדט, און אין די אויערן הילכט, און אין מויל ביטערט, און די פיס פארשטיינערן זיך...

און די הענט?..

די הענט ליגן אף איר. איך נעם זיי אראָפּ, און איך ווייס ניט, ווו זיי אהינצוטאָן.

הארבסטיקע, לעכערדיקע טעג. די קאלטע רעגנס האָבן אף דורך און דורך דורכגעשווענקט די אָנגעהיצטע צעפּארעטע ערד. דינער רעגנשטויב פארקלײַבט זיך אויך צו מיר אין קאָפּ, וואָס איז פארפולט מיט רעשטלעך פון היציקע געדאנקען.

אפן גאס פײַפט דער ווינט ווי א סירענע, לעשט אויס פון די ביימער די געלע פײַער־בלעטער, וועלכע לאָזן זיך דערנאָך, ווי דער־טרונקענע שיפלעך, שווימען מיטן וואסער פון רעגן, שווימען האסטיק, אָן א ציל.

איז דען אלץ אין הארבסט אָן א ציל?

צוליב וואָס פאר א ציל גיי איך איצט צו מאטילדען? ווײַל ס'איז הארבסט, ווײַל די הארבסטיקע נעפלען דריקן מיר אפן הארצן, ווײַל איך דערפיל א נאסקײַט אין די פיס.

בא מיר לויפן היציקע געדאנקען, קיינער וואַרט ניט, ביז ער וועט ווערן פארטיק, און זיי פליִען אָפט אוועק גאָר איבערגעקערטע, ווי דערטרונקענע שיפלעך... און מער קיין ציל איז ניטאָ. איך ווייס ניט, צי האָב איך זי ליב, איך ווייס ניט, צי האָב איך זי פײַנט. עס ציט מיך נאָך צו איר.

איך גיי צו איר ווי אן אלטינקער, וואָס ציט זײַן לעבן אָן קיין שום רעכענונג; ווײַל ער איז געוווינט, אז ער דארף לעבן. דאָ איז פאראן נאָך עפעס א ליבע, נאָר ניט די לעבעדיקע, נאָר דער טויטער קערפער פון איר. א טויטע ליבע. דאָס צײַלעמל האָט זיך אוועקגעשטעלט אף אונדזער ליבע.

מײַנע געדאנקען רײַסט איבער מאטילדעס פאָטער. אלעמאָל רײַסט ער זיך ארײַן עפעס פלוצים. און איך פארשטיי אים ניט. איך קאָן גאָרנישט אופכאפן אין זײַנע וואסערדיקע אויגן.

— יונגערמאן!

— וואָס האָט איר געוואָלט?

— ווי איך פארשטיי, זײַט איר אונדזערער א גוטערפרײַנט, זאָגט ער מיט א וואסערדיקן שמייכל.

איך ענטפער ניט. א גוטערפרײַנט בין איך אים? איך האָב אים פײַנט, איך האָב פײַנט זײַן ברייטקײַט, זײַן פארשטעלטקײַט, זײַנע וואסערדיקע אויגן. זיי לעשן עפעס אלעמאָל מײַנע פײַערדיקע אויגן. און איך האָב אים פײַנט, ווײַל ער האָט אין זיך אן ענלעכקײַט אף אלע קאריקאטורן, וועלכע מע מאָלט אין די צײַטונגען אף נעפמאנעס.

נאָר איך ענטפער ניט.

— איר קאָנט אונדז, יונגערמאַן, טאָן א טויווע. אײַער פאָטער איז דער פאָרזיצער פון דער וווינונג־געזעלשאַפט. מיך, ווי א ניט־אַרבעטנדיקן עלעמענט, זעצט מען אַרויס פון מויער. איך רעכן, אַז איר קאָנט ווירקן אױף אײַער פאָטער.

ער זאָגט אָפּ פּעסט, פּאַמעלעך יעדעס וואָרט, ווי ער וואָלט אַרויס־געזעצט א ברויטל פון אויוון...

מיך פאַרדריסט שטאַרק די אָפּנקײַט פון זײַן ריידן, זײַן איבער־צײַגונג, אַז ער קאָן מיר, א קאָמיוגיסט, פּאָשעט און אָפן זאָגן, איך זאָל העלפן אים — א נעפּמאַן, א סוינע.

איך ענטפער האַרט:

— איך קאָן אײַך גאָרניט העלפן.

ער ציט עפּעס אָן א מוטנעקײַט אפּ זײַן וואַסערדיקן פּאָנעם. ער פאַרגעדיכטעט אביסל די אויגן און צעטרייסלט די ליפּן, דערנאָך קוועטשט ער אויף די ליפּן, לאָזט דורך זיי א קליינע עפענונג, און דורך איר לאָזט ער אַרויס ווערטער דינינקע, שפּיציקע.

— אבי כ'האָב געמיינט, אַז איר וועט אונדז העלפן, איר גייט, זע איך, אָפּט אַרײַן צו מײַן טאָכטער. — זײַנע שפּיציקע ווערטער שטעכן מיך. ער, דער הונט, גיט פּאָשעטע אָנצוהערעניש. איך דאַרף אים באַצאָלן דערפאַר, וואָס איך גיי אַרײַן צו זײַן טאָכטער.

איך זאָג:

— בעכיין, איז וואָס איז, אַז איך גיי אַרײַן צו אײַער טאָכ־טער?

— בעכיין, זײַט איר אומדאַנקבאַר, יונגערמאַן!

מיך שטעכט דאָס, וואָס ער רעדט עס מיט אזא איידעלן טאָן, מיך שטעכט, וואָס ער גיט צו נאָכאַנאַנד „יונגערמאַן", און איך זאָג אים שוין גאַנץ גראָב:

— איך ווייס ניט, פאַרוואָס דאַרף איך אײַך זײַן דאַנקבאַר.

אים האָט קאָנטיק פאַרדראָסן, וואָס איך געפין ניט פאַרוואָס צו זײַן אים דאַנקבאַר. ער האָט געלאָזן מיך, א קאָמיוגיסט, אַרײַנקומען

צו זײַן בלוט און פלייש, צו זײַן טאָכטער, און איך מאַך גאָרניט קיין ווען פון דעם.

ער איז, ווי אלע רײַכע מענטשן, אָדער צופיל איידל, אָדער זייער גראָב. ער עפנט איצט אויף זײַן גאַנצן מויל און לאָזט ארויס הארבע ווערטער, ווערטער ווי קלעצער:

— ניט נאָר וואָס ניט דאַנקבאַר, דאָס איז פּאָשעט א כאַוער־שאַפט...

עפּעס האָט אין מיר אויפגעריסן. כ'האָב זיך געשטיקט פון קאַעס. איך האָב פאַרביסן די צונג פון קאַעס. די ווערטער האָב איך אויס־געריבט מיט אויסגעקוועטשטע באַקן, פאַרקרימטע ליפּן און צעשטשי־רעטע ציינער.

עפּעס האָב איך אויסגעשריִען, נאָר ניט פאַרענדיקט, צו דער וואַנט איז ניטאָ וואָס צו ריידן. ער איז שוין געווען הינטערן טיר.

מער גיי איך ניט צו מאַטילדען. טאַקע, צוליב וואָס גיין?..

איך זיץ איצט גאַנצע טעג אין שטוב. איך שפּיל זיך מיט קינ־דער, מיט דער שאָכנטעס מיידעלע. זי האָט בלויע אויגעלעך, און זי דערמאָנט מיר אָן יענער, אָן יענער, וועלכע איך האָב שוין, דאַכט זיך, ניט ליב, נאָר וועלכע האָט זיך פאַרקליבן צו מיר אין האַרצן. איצטער מיסטיקט עס, דאַכט זיך, שוין דאָרטן, נאָר איך האָב עס נאָך ניט ארויסגעוואָרפן, ניט אויסגעקערט. דאָס איז מיר שווער. ס'איז מיר שווער, ווי א מאַמע, וואָס קלײַבט זיך ארויסוואַרפן די שמאַטעס, וואָס זײַנען געבליבן נאָך איר נאָר וואָס פאַרשטאָרבע־נעם קינד.

הײַנט איז א נאַכט, א פינצטערע נאַכט, א געדיכטע און, דאַכט זיך, א קלעפּיקע שוואַרצקײַט. איך האַלט די הענט אין די קעשענעס. און, דוכט זיך, אז איך וועל זיי ארויסנעמען, וועל איך זיי דערזען שוואַרצע, און מע וועט זיי ניט קאָנען אָפּוואַשן.

איך האָב פּלוצים אינדערפינצטער דערזען א פּאָר פײַערלעך. זיי

געהערן צו מאטילדעס אויגן. אינדערפינצטער זעט מען גאָרנישט, נאָר אויגן מיט פײַערלעך זעען זיך נאָך בעסער.

זי איז געגאנגען אנטקעגן מיר, און זי מאכט זיך, אז זי זעט מיך ניט, אָדער עפשער זעט זי מיך טאקע ניט.

איך רוף זי:

— מאטילדע!

זי שטעלט זיך אָפּ און קוקט אויף מיר מיט געמאכטע פרעמדע אויגן.

— מאטילדע, דו האָסט פארגעסן, ווער איז ווע־ליע יאָדער?

זי ענטפערט ניט, זי איז אינקאעס און זי קרימט אויס איר מײַלכל:

— איך וועל ניט ריידן. דו האָסט באליידיקט מײַן פאָטער, מײַן טײַערן פאפא.

און דערנאָך גיט זי צו מיטאמאָל האסטיק, מיט א פולן מויל:

— איר האָט געטאָן ווי א כוליגאן.

יעדעס קליינע טיילכל אין מיר האָט זיך צעבונטעוועט קעגן דעם: זי גייט פארטיידיקן איר פאָטער, דעם מיעסן פארשוין, וואָס האָט מיך אזוי מיעס באהאנדלט.

און איך זאָג איר שטארק אָפּ:

— דײַן טײַערער פאפא איז א גראָשן ניט ווערט, דײַן טײַערער פאפא איז ניט מער ווי א הונט. — איך גיב א קוק אויף איר: איר פּאָנעם האָט זיך מאָדנע צעדרייט, די ליפּן האָבן זיך געטרייסלט, די נאָז איז אָנגעבלאָזן, די אויגן פארלאָפן געוואָרן. זי האָט זיך גענומען קאָנוווּלסיוו וואָרפן, און היסטעריש גענומען אויסשרײַען מאָדנע ווערטער, ווערטער, וועלכע דער מויעך האָט ניט געשיקט, וואָס האָבן זיך אליין געלאָזן לויפן ווי אין א בעהאָלע. זיי זײַנען געלאָפן, און איינער האָט דעריאָגט דעם אנדערן, פלעגן צעברי־קען זיך און פלעגן געשטרויכלט און צעקלאפּט ווערן, דערפאר זײַנען אנדערע ארויסגעפלויגן האלבע ווערטער, אָנפענעמדיקע, צע־הארגעטע.

און איך בין זיך געשטאַנען. און די ווערטער זײַנען צו מיר ניט דערגאַנגען. אַזעלכע צעקאַליעטשעטע ווערטער פֿאַלן אײַנמיטן וועג. מיך האָבן זיי ניט גערירט. אַ מאָדנע זאַך: ניט נאָר וואָס מיך האָט ניט פֿאַרדראָסן, וואָס איך האָב זי געבראַכט צו דעם, אַז אָט דער שײנער פּאָנעם זאָל אַזוי צעקרימט ווערן, איך האָב אַפֿילו קײן ראַכמאָנעס אויף איר ניט געליגט. דער עקל האָט מיך פֿאַרפֿולט. דער גרעסטער עקל באַהערשט דאַן, ווען מע זעט אַ שײנע זאַך, וואָס ווערט פֿאַרמיִעסט. איך האָב זיך דערמאָנט אָן איר שײנעם פּאָנעם, ווי שײַן זי פֿלעגט אויסזען. איצט איז דער פּאָנעם געווען צעקרימט, צעדרייט, צעהיצט.

יענע נאַכט האָט אויסגעקערט די ליבע־מיסט פֿון מײַן האַרצן, און אין יענער נאַכט איז געבאָרן געוואָרן בײַ מיר די סינע, די אומפֿאַרמײַדלעכע סינע, וואָס קומט נאָך דער פֿאַרגאַנגענער ליבע, פּונקט ווי די נאַכט קומט נאָכן טאָג.

יענע נאַכט האָב איך פֿאַרשטאַנען, פֿאַרוואָס האָב איך זיך עס אַזוי פּלוצים אײַנגעליבט: אין אַ פּוסטקייט פֿאַלט מען לײַכט אַרײַן.

יענע נאַכט האָב איך זיך אינעווייניק געפֿרייט, וואָס איך בין אויסגערייניקט געוואָרן, וואָס מײַנע אויגן זײַנען צעעפֿנט געוואָרן.

אין אַ פֿינצטערער נאַכט האָב איך גענומען זען.

## דער ערשטער שניי גייט אַ צווייטן מאָל

דאָסראָוו קומט פֿאָר אַזוי: אַפּריִער איז ווינטער, פֿרילינג, דערנאָך זומער, האַרבסט, און נאָכן האַרבסט קומט ווידער דער ווינטער.

לויטן כּעזשבן — הייסט עס — איז ווײַסער ווינטער.

אַ שײנער, אַ ווײַסער ווינטער.

דער ווײַסער הימל ברעקלט זיך, דער ערשטער שניי פֿאַלט אַרויס. דער שניי איז קלאָר. דער שניי איז ווײַס. ס'איז זיך טאַקע ניט קײן נײַס, נאָר ס'איז פּאָרט אַזוי.

זײַן ווײַסע קאַלטקײַט גיט ער מיר איבער — דער שניי — אין האַרצן. די ווײַסקײַט בלײַבט, און די קאַלטקײַט ווערט אָנגעוואַרעמט.

איך דערפיל זיך גרינג ווי א קינד, אין קאָפּ נעמען ווינטלען גרינגע פליגלדיקע זיכרוינעס, איך גיי און גליטש זיך אונטער, און א פרייד גליטשט זיך אין מיר.

פונדערווײַטן דערזע איך א קאָפּ שווארצע האָר און א שלאנקע פיגור. יאָ, ס׳איז, דאכט־זיך, מאטילדע, מײַנע אן אמאָליקע באקאנטע. איצט, דאכט זיך, קאָן איך זי ניט, און כ׳גיי ווײַטער.

הארט לעבן מיר דערהער איך א קאָל:

— וועליע!

איך האָב זיך א קער געטאָן און שטיל געזאָגט:

— Вы, наверное, ошиблись!

זי האָט זיך פארלאָרן, ווי א מאטבייע אין שניי. א פארב איז דורכגעלאָפן איר פּאָנעם, אָבער אין אים זײַנען איצט ניט געווען אלע פארבן פון רעגנבויגן. עטלעכע ווייניקער. און זיי האָבן אויך אויסגעזען ווי אָנגעשמירטע, ארופגעלייגטע.

און דער קאָל איז טאקע א שטיל־מעלאָדישער, אָבער א געריר־טער.

און זי זאָגט מיר מיט מײַנע אמאָליקע ווערטער:

— וועליע, דו האָסט פארגעסן, ווער איז מאטילדע?

כ׳שווײַג.

און זי רעדט:

— וועליע טײַערער, וואָס שווײַגסטו? דו האָסט מיך אופגעוועקט. איך האָב שטענדיק גאָר זיך אליין געליבט, דו האָסט מיר אויסגעקערט מײַן הארץ אָפּ דער לינקער זײַט, און איצט לאָזטו מיך. איך האָב איצט קיינעם ניט, קיין טאטן, איך וועל גיין נאָך דיר און קאָן מיט דיר מיטגיין אפילע אין קאָמסאָמאָל.

מאָדנע אָפּגעהאקטע ווערטער.

און איך שטיי און קוק אָפּ איר. מײַנע אלטע פארהיילטע הארצ־וווּנדן האָבן זיך גענומען עפענען. און איך האָב א קלער געטאָן: ווער ווייס א מיידלס הארץ? עפּשער האָט זי זיך געביטן. איך

האָב אופגעוועקט אין איר די ליבע, עפשער האָבן זי גערכולט איר פוסטקייט?

אונ זי בייגט זיך איין מיך קושנ...

אונ עפעס גיט א בליצ אינ מייַנע אויגנ.

דאָס בליצט דאָס ציילעמל, דאָס זילבערנע ציילעמל אפ איר האלדז.

איך האָב זי אָפגעריסנ פונ זיך אונ אוועק.

איך גיי. אונ דער ערשטער שניי גייט. ס'איז ניט אזא טראגעדיע, ער זאָל זיך צוליב דעם אָפּשטעלנ.

אונ אויב מיך ארט עס — איז עס נאָר, ווייַל איך האָב א נאריש צארבאלעכאים־הארצ.

אייַך זאָל עס ניט ארנ!

אָקטיאבער—נאָיאבער 1928

# א ײ ד מ י ט א ה אָ ב

און אזוי האָט געזאָגט רעב סענדער צום מיזיניק צו זײַנעם:

— מע דארף ערלעך האלטן די יאָנטויווים, וואָרעם יאָנטעוו רוט אָפּ דער גוף, און עס לופטערט זיך דורך די נעשאָמע אויך. עס גייט צו אָקטיאבערסקע, טאָ גרייט אָן סכאך און באַפּוץ דעם רויכן ווינקל.

האָט זיך צוגעהערט צו זײַנע רייד זײַן מיזיניקל, וואָס, ניט קוקנדיק אף זײַן פּיאָנערישער אָנגעהעריקײַט, איז ער דאָך געווען יונג און ניט דערפארן און האָט ניט פארשטאנען, אז דעם סכאך דארף דער טאַטע אף אן אוויירע־זאך, אף דעקן די סוקע.

דאָך האָט זיך ניט פארלאָזן אף אים רעב סענדער און איז אליין ארויס ערעוו סוקעס אפן קאָלכאָזנעם מארק קויפן סכאך.

און דער מארק איז געפּאקט. און ווײַבער בלאָזן די הינער אונטערן עק, און די הינער לאָזן זיך. און ווײַבער פארזוכן סמעטענע און עס געפעלט זיי ניט, ווײַל זיי געפעלט צו פארזוכן בא אן אנדער פויער נאָכאמאָל. און ווײַבער דינגען ברוטשקע, כאָטש זיי ווילן גאָר קויפן מערן. און קיין סכאך אפן מארק איז ניטאָ, קיין זייכער ניט.

איז געבליבן שטיין רעב סענדער אינמיטן מארק פארטראכט.

און עס איז אים אומעטיק געוואָרן.

פלוצעם האָט ער זיך געכאפּט, אז נאָר ער איינער איז דאָ א ייד מיט א באָרד, נאָר ער וויל דאָ דינגען סכאך. ער האָט פאריסן די שווערע נאָז צום הימל און א טראכט געטאָן:

— גאָטינקע, נאָר אף מיר האלטסטו זיך, אז איך בין דײַן איינציקער קונד?..

ער קוקט זיך ארום, זעט ער, עס שטייען באקאנטע ייִדן, נאָר אָן גאָטס יאָך אפ די פּלייצעס. אָט לויפט דער אָפּגעשאָרענער ראָוו, וואָס האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אלץ און אלעמען, און נאָך אים לויפט די ווײַב זײַנע און טײַנעט:

אז אלע ייִדן בעטן זיך ערעוו יאָמקיפּער איבער, און ער, פארקערט — פראוועט מיט מיר אדײַעם ברויגעז, קעדיי ניט געבן מיר די 5 רובליאקעס אפ יאָנטעוו.

און יענער טרייסלט זיך אָפּ:

וואָסער יאָנטעוו?.. וועלכער יאָנטעוו?.. מיצקעדערינעג יאָנ־טעוו...

מיטאמאָל האָט רעב סענדערן אזש א גרויל אדורכגענומען. אינ־דערהויך איז איינ גאָט, און אפ דער ערד איינ רעב סענדער. מער איז אים ניט געבליבן פון זײַנע פרומע ייִדעלעך. און דער גאָט אינ הימל האָט איצטער צו טראכטן נאָר וועגן איינ רעב סענדערן: וווהינ גייט איצט רעב סענדער? וואָס טוט איצט רעב סענדער? און אפילע ווען רעב סענדער דארף אָפּטאָן זײַנע אייגענע מענטשלעכע זאכן, בלײַבט דעם קאוואיאָכל נאָכצוקוקן אפ זײַן איינציקן רעב סענדערן וואָס דארף באלד גיינ וואשן די הענט.

ער איז צופרידן געוואָרן, ווען ער האָט דערזען פינדערווײַטנס אן אלטן באקאנטן פויער. כאָטש פארטרײַבן דעם זלידנעם געדאנק, וואָס האָט זיך אײַנגענאדיעט בא אים אינ קאָפּ.

טשויעש? (אלע פויערים רופט ער אָן „טשויעש"). טשאמו סכאב נע פראָדאיעש?

— א, בא אײַך איצטער בודקי? גאָר פארגעסן, פון זינען ארויס. איך זע טאקע עפּעס, אז די פּאהאָדע איז פּאהאנע געוואָרן. ווען בא אײַך איז בודקי, איז שטענדיק א פוילע פּאהאָדע...

און אז רעב סענדער האָט דערזען, אז מע קאָן ניט אײַנשאפן קיין סכאך, האָט ער באשטימט כאָטש אײַנהאנדלען א האָן אפ יאָנ־טעוו. ווי נאָר ער האָט דער ערשטער געקויפט באם פויער א האָן, האָבן אים אלע ווײַבער ארומגערינגלט פון אלע זײַטן און מע צע־

כאפּט באַם פּויער אַלע הענט, אַפּילע דעם לעצטן האָן, וועלכן ער האָט ניט געוואָלט פאַרקויפן.

— איצט, — האָט אַ קלער געטאָן רעב סענדער, — וואָלט געוועץ אַ סייכל פאַרקויפן דעם האָן צוריק און פאַרדינען דערבײַ אַ קערבל.

דערבײַ האָט זיך אַרומגעדרייט אַ מיליציאָנער, פאַר אים האָט רעב סענדער מורא. דער מיליציאָנער האָט זיך שוין אים אַמאָל אײַנגעגעסן, אַז ער פאַרקויפט הינער. אַ מאָדנער מענטש. עפּשער קור־טשאַטעס יאָ אַמאָל כאַרקויפט, אָבער הינער—ווי קומען אַהער הינער?

און ס'איז רעב סענדערן נאָך קאַלאַמוטנער געוואָרן. און ער האָט ווידער אַ הייב געטאָן די שווערע נאָז צום ליכטיק־לײַכטן הימל:

— גאָטינקע, און מיך האַלטסטו ניט אונטער, אַ? איין יידל בא דיר, און דו ווילסט אים ניט אונטערהאַלטן, אַ?

אַ קאַס האָט אים דורכגענומען אַרום און אַרום, ווי אַ שטע־כעניש:

— און וואָס בין איך דער איינציקער מעכויעוו? איך, איין שוואַ־כער, אונטערגעריסענער ייִד, זאָל שלעפּן אַף די פּלייצעס אַזאַ שווערן יאָך, איינער אַליין אַף די עלטערע יאָרן, אַ?

ער איז אַראָפּ פון מאַרק מיט אַ קאַס אַפּ גאָט. אַ שוואַרצער קאָ־טער איז דורכגעלאָפן צווישן זיי.

— עלנט, עלנט איז דער מענטש, — האָט אַ טראַכט געטאָן רעב סענדער, — איך איינער אַף דער וועלט, און איין עלנטער גאָט אין הימל.

אינדערהיים האָט ער אַלץ געוואָרטשעט פאַר זיך:

— די פּויערים... אַראָפּ פון זינען... פירן ניט קיין סכאָכ... פאַר רעב סענדערן אַליין ווילן זיי ניט פירן... איך אַליין בין געבליבן אַף דער וועלט... איך און גאָט...

און צו זײַן ווײַב האָט ער געזאָגט:

— איך וויל אים פארשפּאָרן אַן ארבעט... וואָס דארף ער זיך וואָדיען מיט איין יידל? איך גיי ארויס פון זיין רעשוס.

די אַלטע האָט אים מאָדנע באַטראַכט. זי האָט אַ קלער געגעבן.

— אַ יונג מיידל האָט אים מיסטאָמע אַן איינהאָרע געגעבן...

ווער רעדט אינאָוונט, איז איר שוין גאָר מאָדנע געוואָרן, ווען רעב סענדער האָט גענומען דעם האָן און געדרייט קאַפּאָרעס איבערן קאָפּ, און דער האָן האָט זיך ניט געלאָזן.

— סענדער, ביסט פון זינען אַראָפּ? היינט איז דאָך ערעוו סוקעס.

נאָר רעב סענדער האָט גאָרנים געהערט. ער האָט געשריגן „זע כאַליפאָסי" מיט אַ גרויליקן קאָל, דערנאָך האָט ער אים אַרונטערגעוואָרפן אונטערן בעט, און דער האָן איז געבליבן ליגן, ווי אַ קאַטינקע.

סענדער, ביסט פון זינען אַראָפּ?

נאָר רעב סענדער האָט געמורמלט:

אַפּ קאַפּאָרעס... אַפּ טישטשע קאַפּאָרעס... איך זעגן זיך מיט אים...

דער האָן איז געלעגן אונטערן בעט און האָט זיך מיט אַלע קויכעס געסטאַרעט ניט קרייען אין דער טראַגישער מינוט, ווען דער לעצטער ייד האָט פארלאָזן גאָט.

אַ שטיק צייט איז דער אַלטער אַלץ פון קאָפּ ניט ארויס:

— מיט וועמען האָט ער זיך געזעגנט?.. מיטן האָן?..

אַז רעב סענדער האָט אַ צעכאַלעשטער געלייגט זיך שלאָפן, האָט די וויַיב דערזען, אַז זיינע שקאַרפּעטקעס זיינען נאַס, כאָטש בא רעב סענדערן האָבן קיינמאָל ניט געשוויצט די פיס.

באַנאַכט איז געשטאָרבן דער האָן מיט זיין אייגענעם טויט — פון האַרצוויייטעק.

# אונדזערע זינ פאר אײַערע טעכטער

שאבעס, װענ ער ארבעט ניט, דער אלטער בערע, קאָנ ער אויכ ניט זיצנ אינדערהײמ, אונ ער גײט באקוקנ די פעלדער. ער גײט אונ טראכט שאבעסדיקע געדאנקענ, װאָס אינדערװאָכנ װאָלט ער זיכ ניט פארגינענ צו „דאָקוטשענ" דעמ קאָפּ מיט זײ.

א שאבעסדיקער געדאנק: דאָס גאנצע לעבנ שפּראָצט פונ דער ערד. מיר לעבנ פונ איר כּיִעס. װענ אלע מענטשנ װאָלטנ באַארבעט די ערד, װאָלטנ אלע געװוסט, פונ װאָס מע לעבט, װאָלט מענ עפּשער געװוסט װי צו לעבנ, אונ גוט װאָלט געװענ דאַ אפ דער װעלט, אונ קײנ מילכאָמע־געפאר װאָלט דאנ אויכ ניט געװענ, װאָרעמ אָט זאָגנ די װײַבער, אז ס'האלט בא א מילכאָמע.

אונ ס'טרעפט, אזוי בלאָנדזשענדיק איבער די פעלדער, דערזעט ער זײַנ טאָכטער מיט יעראשקענ, אָט דעמ קאָמיוגיסט פונ „פּאָסיאָלאָק", װי ער גײט מיט איר ארומ אונ „איזװיניאיעט" זיכ קעסײדער פאר דער „װיראזשעניע", אונ דרײט מיט די אָפּצאסנ, דרײט מיט די אײגעלעכ אונ דרײט מיט די פרענדזעלעכ פונ גארטל. צוגײנ נאָענט שטײט אימ ניט אָנ, דעמ אלטנ, נאָר ער שטעלט פונדערװײַטנ אָנ א פּאָר בײזע טאטישע אויגנ, א פּאָר בײזע אויגנ, װאָס זעענ אויס, װי זײ װאָלטנ זיכ געריסנ פונ א קײט.

אונ זײ מאכנ זיכ ניט זעענדיק, פארקערנ זיכ אָנאזײַט, אונ דער אלטער זעט שוינ ניט מער װי זײערע פּלײצעס. בא יעראשקענ איז א ברײטע פּלײצע, אונ זי דרײט זיכ בא אימ אינדערהויכ. בא דער טאָכטער איז א שמעלערע פּלײצע אונ עס דרײט זיכ בא איר, װי געװײנלעכ, נידעריקער אביסל.

גיט דער אלטער אויך א דריי מיט די פלייצעס, און ס'נעמען זיך שוין בא אים אין קאָפּ דרייען וואָכעדיקע געדאנקען. ער דערמאָנט זיך, אז די מישפּאָכע פון דער ווייבס צאַד איז געווען איינגעטונקט אין גאָלן ייכעס, אין קסובע איז געווען פארשריבן „ממשפחת האדמו"ר", און „אדמו"ר", ווייס ער, איז עפּעס א שווערער „ראָשע-טייוועס", וואָס ווייזט אפ ייכעס.

געפעלט עס ניט דעם אלטן. דערציילט ער עס דער אלטער. געפעלט עס ניט דער אלטער, רעדט זי עס אויס דער טאָכטער. געפעלט עס דער טאָכטער, לאכט זי זיך אויס פאר יעראשקען. געפעלט עס יעראשקען לאכט ער זיך אויך פאנאנדער.

איינמאָל איז געקומען יעראשקע פון „פּאָסיאָלאָק" און איבערגעגעבן די פאָלגנדיקע נייעס:

דער פּאָסיאָלאָק וויל ארייַנטרעטן אין קאָלעקטיוו. מיר זעען, אז איר ארבעט טאקע ניט אפ צו פלייסן. איז ווילן מיר: אונדזערע זאָל זייַן אייַערע, און אייַערע זאָל זייַן אונדזערע. און מאשינעס, קאָן מען זאָגן, וועלן מיר קויפן צוזאַמען.

און רעב בערע האָט זיך דערמאָנט די מייַסע מיט שכעמען פון כומעש „אונדזערע זאָל זייַן אייַערע, און אייַערע אונדזערע. אונדזערע זין וועלן נעמען אייַערע טעכטער, און אונדזערע טעכטער וועלן מיר געבן פאר אייַערע זין"...

און רעב בערע גייט איצט ארום איבער די פעלדער, ער גייט און טראכט, אז ווירטשאפטלעך, אייגנטלעך, לוינט עס, וואָס גרעסער די ווירטשאפט, איז אלץ בעסער. אָבער ייִדן, — קלערט ער, — אזא אלט פאָלק, אזויפיל געמאטערט זיך, און איצט וועט מען זיך אויס-מישן. עפּשער איז א טרופע, עס זאָלן זיך ענדיקן די „מוטשעניעס". זייערע זין וועלן נעמען אונדזערע טעכטער, און מע וועט ניט קלערן וועגן „ייִד", „גוי", און מע וועט קלערן נאָר וועגן דער ארבעט.

ווער ווייסט... עפּשער איז דאָס ניט גאָר אזוי גוט, נאָר אזוי איז שוין די אינטערנאציאָנאלע ליניע, מע וועט לעבן אין אייג...

3. עליע קאהאן.

מישפּאָכע, און מיט דער צײַט װעט עפּשער װערן א נײַער ייִכעס, װאָס מע שטאַמט פֿון אן אינטערנאַציאָנאַלער מישפּאָכע...

— מיט אַלעמען, מיט אַלעמען װעט עס זײַן, — קלערט דער אַלטער, און דאַן איז עס ניט נאָר זײַנער אן אײסעק, װאָס זײַן טאָכטער נעמט א „גוי". אַלע, אַלע דאַרפֿן דײַגענען, אָדער זיי דאַרפֿן זיך פֿרײען.

און ער איז צופֿרידן, דער אַלטער, װאָס דאָס איז ניט נאָר זײַנע דײַגע.

און הײַנטיקן שאַבעס, אַז ער איז אַרױס אין פֿעלד ציִען זײַנע שאַבעסדיקע געדאַנקען, און אַז ער האָט דערזען זײַן טאָכטער מיט יעראַשקען, האָט ער עפּעס פֿאַרדרײט דעם בריליק און געמאַכט זיך גאָר ניט װיסנדיק.

ניט זײַנע דײַגע, זאָלן אַלע דײַגענען. און אױב מע דאַרף זיך פֿרײען, זאָלן זיך אַלע פֿרײען.

1931.

# די זיגער אין געפענקעניש

## 1

צוויי קעפ מיט זעקס פיס. מע ווייסט וואָס דאָס איז. א פערד מיט א רײַטער. אָבער אין דער פינצטערער נאכט איז ניט אָפּצוטיילן דעם רײַטער פון פערד. דער הימל מיט דער ערד איז איצטער איין גרויסער דוש, וואָס גיסט און גיסט מיט קאַלטע וואסער. און עס דוכט זיך, אז די רײַטער מיט די פערד וועלן איינגיכן גאָר צעגיין אונטערן רעגן.

נאָר דאָס דוכט זיך נאָר.

פּעטרושענקאָ און וואָראָבייטשיק פאָרן אין אויסשפּיר. זיי געהערן צום ווזוואָד פון די פערד־אויסשפּירער פון נ־ער „בלויענ“ פּאָלק.

וואָראָבייטשיק וויל כאָטש אָנוואַרעמען דאָס מויל. מוטערט ער די גאנצע צײַט פּעטרושענקאָן.

— פּעטרושענקאָ, זאָג עפּעס!

יענער ענטפערט פארשלאָפן:

— וואָראָבייטשיק, וואָס זאָל איך זאָגן?..

— טאָ שווײַג בעסער, — ענטפערט מיט קאַעס וואָראָבייטשיק.

פאָרן זיי ווײַטער. פאָרן זיי פארבײַ א ליכטיקער כאַטע, זאָגט ווײַטער וואָראָבייטשיק:

— קום ארײַן זיך אָנוואַרעמען אביסל, וואָרעם אז ניט, וועט אין אונדז פארפראָרן ווערן די בולבע, וואָס מיר האָבן נעכטן געגעסן.

רוקן זיי זיך ארײַן אין א כאַטע. דער באַלעבאָס ברענגט מילך און זויערמילך.

זיי אָטכײַען זיך אביסל. אינעווייניק נעמט אָנגרײַפן א וואַרעמקײַט, וועלכע קוואַרטירט זיך פאנאנדער איבער אַלע גלידער. און פּעטרושענקאָ ווערט געניגט צו פיליזאָפירן אביסל:

— אויסשפיר איז א וויכטיקע זאַך, וואָרעם אָן אויסשפיר איז עס, הייסט עס, יאָ, אַזוי איז עס...

— אָן אויסשפיר, — פאַרטיפערט דעם געדאַנק וואָראָבייטשיק, — איז עס, כ'ווייס וואָס, אָטאָ, גלאַט אַזוי...

דער רעגן שטערט עס צו דערציִען דעם געדאַנק ביזן סאָף, ווייל אין קאָפּ איז נאָך ווילגאָטש, און די געדאַנקען האָבן זיך אַרויסגעקליבן פונדאַרטן.

שווער צו טראַכטן.

און וואָס איז שייך די פערד, זיינען זיי אַפילע אין א פרידנ־צושטאַנד אויך ניט געוווינט צו טראַכטן, כאָטש אין איפּאָלאָגיע איז וועגן דעם גאָרניט ניט געזאָגט געוואָרן, נאָר אַלטע קעמפער ווייסן וועגן דעם לאַנג.

פערד טראַכטן ניט.

וועהאָרייע — ווי נאָר פּעטרושענקאָ און וואָראָבייטשיק זיינען אַריין אין כאַטע (און זיי האָבן שלעכט צוגעבונדן די פערד), האָבן זיי זיך געלאָזן, די פערד, גלייך אין דער ריכטונג צום „סוינע" — צו די „רויטע".

— אַך, פערד, פערד, ווו איז בא אייך טאַקטיקע?.. — האָט זיך א כאַפּ געטאָן פּעטרושענקאָ, אַרויסגייענדיק פון כאַטע.

— פערד, פערד, ווו איז בא אייך טאַקט? האָט נאָך טראַגישער געמאָנט וואָראָבייטשיק, — געגומען און אַוועק, א כאָך־מע!

— פערד טאָר מען אַליין ניט לאָזן, — טראַכט וואָראָבייטשיק, וואָרעם זיי זיינען ניט „סאַמאָסטיאַטעלנע". א פערד, מע זאָל אים לאָזן אַליין, קאָן ער נאָך פאַרפאָרן אין כאַנדריקעווע. א פערד טאָר מען אַליין ניט לאָזן.

— קום, — זאָגט וואָראָבייטשיק.

— וווהין זאָל מען גיין? — זאָגט דערשלאָגן פּעטרושענקאָ.

— טאָ שטיי בעסער, — ענטפערט מיט קאַס וואָראָבייטשיק, און נעמט זיך לאָזן לויפן אין דער ריכטונג צו די „רויטע".

פּעטרושענקאָ לאָזט זיך נאָך אים.

און אַזוי זיינען זיי אַריינגעפאַלן אין „געפענקעניש" צו די „רויטע".

## 2

דער פּאָליטרוק האָט טאקע פארזאָגט, אז מע זאָל זיכ איידל באַגיינ מיט די „געפאנגענע“, אָבער עס ווילט זיכ פּאָרט פונ עמעצנ א לאכ טאָנ. עס איז פריילעכער דעמלט.

אינ קאָמענדאנטסקנ ווזוואָד איז פריילעכ.

— לייבעלעכ! וויאזוי זײַט איר ארײַנגעפאלנ? מע זאָגט, אז די פערד זײַנענ „סאָזנאטעלנע“. זיי זײַנענ געפלויגנ צו אינדז, אונ איר האָט זיכ אָנגעכאפּט פאר די עקנ, אונ אזוי האָט איר זיכ פּאר־שלעפּט אהער.

עכ, סיניאקעס, פּעשע קאוואלעריע! מארוסקע איז מיסטאָמע אנטלאָפנ צו די רויטע, אונ איר נאָכ מארוסקענ. אינ א קריג־צײַטשטאנד טאָר מענ ניט לויפנ נאָכ באבעס, ווי מע דערזעט א באבע, דארפ מענ אויסשפּײַענ דרײַ מאָל אונ מאכנ זיכ ניט זעענדיק.

זיי זיצנ אינ א ווינקל אונ קראַפּירנ. זיי זיצנ ווי אפ הייסע קוילנ. זיי דוכט זיכ, אז אלע קוקנ אפ זיי, ווי אפ פּארע־טער אָדער דעזערטירנ. פּאר די אויגנ מאנעווורירנ רויטע פּינטעלעכ. אינ קאָפּ איז שווער, פּונקט ווי שווערע ארטילעריע וואָלט זיכ אהינ פארקליבנ. כאָטש נעמ אונ לייג ארופ די פיס אפ די פּלייצעס אונ אנטלויפ צו אלדע שווארצע, פינצטערע יאָר.

נאָכ גוט, וואָס דער פּאָליטרוק איז ארײַנ אונ האָט אָנגעהויבנ א שמועס מיטנ ווזוואָד. האָט מענ זיכ אָפּגעטשעפּעט דערווײַלע פונ זיי.

זיצנ זיי זיכ שטיל אינ א ווינקל, לעכערנ מיט די אראָפּגעלאָזענע אויגנ דעמ בריק, אונ פונ זיי גיסט וואסער ווי פונ ניט־אויסגעדרייטע גרעט.

עס פאלט אפ זיי אָנ א דרעמל, די קעפּ נעמענ זיכ פּאַוואָליע אראַפּלאָזנ צו די קני, וואָגיק אונ פּאמעלעכ, ווי שווערע צעבערס לאָזנ זיכ אראָפּ אינ א ברונעמ. די קעפּ לאָזנ זיכ אראָפּ, ביז די נאָז שטויסט זיכ אָנ אָנ דער קני, נעמט זיכ דער קאָפּ צוריק איפהייבנ אונ עס דוכט זיכ, אז דער קאָפּ ווערט געצויגנ דורכ אנ אומגעזעענער האנט פאר א שטריקל.

דער קאָפּ לאָזט זיך אראָפּ.

די קאַטאַסטראָפּע מיטן נאָז און קני.

דער קאָפּ הייבט זיך אויף.

און ווידעראַמאָל אראָפּ מיטן נאָז אין קני.

מ'איז געשלאָפֿן און ניט געשלאָפֿן. עפּשער וואָלטן זיי פֿון אַזויפֿיל „קאַפּדרייעניש" סאָפּקאָלסאָפּ יאָ אַנטשלאָפֿן געוואָרן, נאָר דעם פּאָליטרוקס הויכע שטימע עקבערט דעם מויעך.

דער פּאָליטרוק רעדט זייער הויך:

— כאַווײרים רויטאַרמייער! לעקאָוועד די מאַנעווערס האָבן די רויטאַרמייער פֿון אונדזער פּאָלק פֿאַרשטאַרקט דעם צופֿלוס אין די קאָלווירטן. אונדזער קאָמענדאַנטסקער ווזוואָד שטייט אָפּ. אונדזער רויטע אַרמיי וועט זײַן קאַמפּספּייִק אָפּ אַלע הונדערט, אויב זי וועט זײַן אַ קאָלווירטישע. אין אונדזער ווזוואָד זײַנען דאָ ניט מער ווי צוויי קאָלווירטניקעס.

— מער ניט? — גיט זיך אַ כאַפּ פּעטרושענקאָ פֿון ווינקל, איבערייסנדיק אינמיטן זײַנע נאָז-מאַנעווערס.

— און איר זײַט קאָלווירטניקעס, כאַווײרים „געפֿאַנגענע"? — גיט אַ פֿרעג דער פּאָליטרוק.

— אַ קאָלווירטניק, — ענטפֿערט פּעטרושענקאָ.

— אַן אַרבעטער, — ענטפֿערט וואָראָבייטשיק.

וואָראָבייטשיק מיט פּעטרושענקאָן דערפֿילן זיך מיטאַמאָל בעסער, פּונקט ווי זיי וואָלטן מיטאַמאָל אָפּגעטריקנט געוואָרן, און פּונקט ווי זיי וואָלטן זיך אויסגעשלאָפֿן אָפּ אַ קול היי. באַטינקע, ליבינקער! — מע איז דאָך צווישן אייגענע — און די אייגענע זײַנען ניט אַלע קאָלווירטניקעס. און פּעטרושענקאָ איז אַ קאָלווירטניק.

וואָראָבייטשיק שטויסט פּעטרושענקאָן אין זײַט.

— פּעטרושענקאָ, זאָג עפּעס...

— וואָראָבייטשיק, וואָס זאָל איך זאָגן?

— זאָג עפּעס, נעפּעש דו איינער.

פּעטרושענקאָ האָט טאַקע דערפֿילט, אַז ער דאַרף עפּעס זאָגן. ער

האָט אַ שמאָרע געטאָן מיטן נאָז די לופט און אַרײַנגעצויגן אַ צווייען־דיקע פאָרציע לופט אַף זאַפּאַס. ער האָט זיך אַ רײַב געטאָן אין פּאַ־פּיליצע — וואָס איז אַ גוטער מיטל אַף דערמאָנען זיך לאַנג פאַרגעס־סענע זאַכן — און דאָס האָט אים, קענטיק, דערמאָנט, אַז ער איז אַן אויסגעליטענער פּאַרטיזאַן, אַן אַלטער קאָלווירטניק. ער האָט דערפילט, אַז אויב ער וועט איצטער נעמען ריידן, וועלן זיך בא אים די געדאַנקען זייער גוט „וויגרוזשײַען". און ער האָט גענומען ריידן.

— באַוויירים רויטאַרמייער, איך האָב וואָס צו זאָגן. הערט זיך איַין מיט קאָפּ און לייגט צו סייכל. אַגיטירן איַיך דאַרף איך ניט, ווײַל איר זײַט קימאַט אײַנגאַנצן באַוווסטזיניק, און איר ווייסט דאָך אַליין, אַז עס גייט אַ צײַט אַזאַ, אײַנגאַנצן אַ קאָלכאָזנע. נאָר איך האָב געהערט אַ מיינונג בא איַיך, וואָס איז, נעמט ניט פאַר אומגוט, ניט אויסגעהאַלטן. פאַראַן אַזעלכע איינע, וואָס זאָגן, איך בין אַ מאָרגנדיקער קאָלכאָזניק. אונדזער איוואַן וועט אַוועק אין קאָלכאָז און אונדזער פּיאָטער וועט אַרײַן אין קאָלכאָז, וועל איך אויך גיין. פאַראַן אַזעלכע, וואָס ווילן זיך שלעפּן אין אָבאָז און ווילן איבער־לאָזן פאַר איוואַנען, אַז ער זאָל דער ערשטער פּאַרזוכן, צי די קאַשע איז געשמאַק. איר זײַט דאָך רויטאַרמייער, און פּונקט ווי אַפן פראָנט גייט איר די ערשטע. אַזוי דאַרפט איר אויך דאָ זײַן די ערשטע. איך רוף איַיך אַרויס אין סאָצגעוועט פאַר אַ דורכויסיק־קאָלעקטיווי־זירטן ווזוואָד. ווער איז פאַר די מאָסמיטלען פון דער סאָוועטנמאַכט אַף געזונט מאַכן דאָס פּויערישע לעבן, בעט איך זייער אויפהייבן די האַנט!

און עס הייבן זיך אויף הענט.

און די „געפאַנגענע" זעערפילן זיך ווי זיגער.

.1931

# א שטאָט אָנ קלויסטערס

—

אינ דער דאָזיקער שטאָט לויפנ ארומ נאָר פארהאוועטע מענטשנ. כאָטש די גאסנ זײַנענ, ווי טראקטנ, ברייט, אונ די שטאָט איז גערוימ, ווי א פעלד, טרעפט פונדעסטוועגנ, אז עס לויפט אָנ א מענטש אפ א מענטש. עס שטויסט זיכ אָנ „אנטשולדיקט” אפ „ביטע, ביטע”. אסאכ, אסאכ „אנטשולדיקטס” לויפנ ארומ פארשוויצט. זיי ארבעטנ אונ טוענ איפ אסאכ. זיי טרינקענ אָפט קוואס אינ קלײנגענ אָפט אינ טעלעפאָנ, כאָטש דאָס באנוצנ זיכ מיטנ טעלעפאָנ באַדערט ניט, אז מע זאָל טרינקענ דערצו קוואס. דאָס האָט ניט קיינ שומ געמיינזאמס.

איצט, 7 אזייגער אינאָוונט, זײַנענ פארבײַ וואסיוטקינס אויגנ דורכגעלאָפנ מענטשנ, וואָס ער קאָנ גאָרניט אלעמענ פונ זיי, נאָר ס'קאָנ זײַנ, אז אלע זײַנענ זיי זייער באוווּסט! ס'קאָנ זײַנ, אז מע האָט געהערט וועגנ זיי איבערנ גאנצנ פארבאנד; ס'קאָנ זײַנ, אז דאָס זײַנענ אזעלכע מענטשנ, וואָס די צײַטונגענ דינענ פאר זיי, אלס פליגלענ, די צײַטונגענ באפליגלענ זייערע נעמענ, אונ זיי צעפליִענ זיכ איבער אלע שטעט: וואָרעמ אינ דער דאָזיקער שטאָט לויפנ ארומ זייער אסאכ העלדישע מענטשנ.

עס לויפט פארבײַ א מיידל. א גרוזינערנ, אנ אינזשעניער. איר פאָטער איז געווענ איינער פונ די צעשאָסענע 26 באקוער קאָמיסארנ.

עס גייט דורכ א גרופע בארימטע ארבעטער, וואָס האָבנ רעמאָנטירט די דאָמנע, ארײַנקריכנדיק אינ איר הייסנ אינעווייניק, אונ די דאָמנע איז דערבײַ ניט אָפגעלאָשנ געוואָרנ, קעדיי ניט אָפשטעלנ זי אפ א פאָר כאדאָשימ. ארויסקריכנדיק, האָבנ אָט די געזונטע מענער שיר ניט געשעמט זיכ, ווי פרויענ: זיי האָבנ געהאט אנ עטוואָס

פארשעמטנ, שטאָלצנ פאָנעמ. זיי האָבנ זיכ געשעמט דערפאר, וואָס זיי ווײַזנ ארויס דעמ שטאָלצ אפנ פאָנעמ. זיי זײַנעג באשיידענע מענטשנ. אונ ארויסגעקוקט האָט מענ אפ זיי צארט אונ פײַכט־אויגיק, ווי אפ א פרוי.

ס'ליופנ ארבעטער, אינזשעניערנ, אויסלענדער, באשקירנ, סטו-דענטנ.

זיי ליופנ אלע פארבײַ וואסיוטקינס אויגנ, נאָר וואסיוטקינ זעט זיי ניט אונ קאָנ ניט אלעמענ פונ זיי. אונ וואסיוטקינ איז ניט פאר-האוועט, אונ אימ קאָנ אויכ זעלטנ ווער.

א קורצ געלינק מענטשל אינ פארגעלטע קליידער, א געלער פלעק אפ גרינ, וואָרעמ ער האָט אויסגעזוכט א שטיקל גרינע ערד אונ זהאָט זיכ דאָ אוועקגעלייגט.

דאָ איז געווענ א שטיקל ערד מיט עמעסנ גראָז. דער הינער בײזער ווינט האָט דאָ ניט געהויבנ קיינ זײַלנ שטויב צומ הימל, אונ דער הימל האָט דאָ ניט אראָפגעשיקט קיינ זײַלנ ווינט אפ דער ערד. א לײַכט ווינטעלע האָט דאָ נאָר געשפילט אינ גראָז אונ האָט איבערגעגאָסנ די פארבנ, פונ גרינעמ סאמעט אינ א העלערנ. דאָס גראָז האָט זיכ איבערגעגאָסנ, ווי א טײַכ. יעדעס גרעזעלע באזונדער האָט זיכ דאָ אייכ געצײַלט אונ אָנגעשטויסנ זיכ איינס אפנ אנדערנ: „אנטשולדיקט" „ביטע".

עפעס אימדריק איז געווענ אפנ הארצנ, פונקט ווי אָט די ווינטנ, וואָס שטויסנ זיכ דאָ איינער אפנ צווייטנ „אנטשולדיקט" „ביטע", וואָלטנ זיכ פארקליבנ צו אימ אינעווייניק אונ רוישנ אינ אימ אינ שיטנ אָנ שטעכיקנ שטויב.

אז עס איז ניטאָ קיינ פײַכטקײַט אינעווייניק האָט ער טרויעריק א טראכט געטאָנ... — אז עס איז שוינ א פאָר טעג, ווי איכ האָב קיינ פײַ ניט געטרונקענ, ציגעווינט זיכ צומ קוואס... דער קוואס טריקנט גלײַכ אויס, מע שוויצט נאָר פונ דעמ, אונ קיינ פײַכט-קײַט בלײַבט ניט איבער.

אינ דער דאָזיקער שטאָט, וואָס פארנעמט עפשער אינ צענ מאָל

מער פלאַץ, ווי נאָך אזא שטאָט מיט פונקט אזויפיל באפעלקערונג, אין דער דאָזיקער שיטערער ניַיער שטאָט, געדיכט־פארזייטער מיט גאָר אנדערע, איַינלנדיקע מענטשן, וואָס וואסיוטקין מיט זיַינע ביטערע אויגן קאָן זיי קיינמאָל ניט איבערכיטרעווען און וויסן, וואָס זיי ווילן, — האָט זיך פארלאָרן וואסיוטקין. פון אגמעסנעפעש וואָלט ער איצטער אויסגעטרונקען. נאָר דער דאָקטער האָט געזאָגט, אז ער טאָר מער ניט טרינקען, קאלטע וואסער טאָר ער אפילע ניט טרינקען, געזאָדענע דארף ער טרינקען. ער טרינקט געזאָדענע וואסער מיט א לעפל ווי א רעפיע, ער פארבייַסט שטענדיק מיט א קאָנפעט אָדער מיט א שטיקל צוקער.

דאָ אפן גראָז־אָאזיס האָט ער ניט געוווסט, וואָס צו טאָן מיט זיך אליין, ער האָט גענומען צופן דאָס גראָז פון דער ערד און פאר־ביסן געטראכט:

איך וועל דאַ דאָס גאנצע גראָז אויסצופן, די גאנצע ערד, ווי א הונט, אויספליקן, א גרעזעלע ניט איבערלאָזן אין אָט דער שטויביקער, ווינטיקער, רויכיקער שטאָט.

שווערע געדאנקען.

און דערבייַ אפ דער וועג־גאס לויפן אלץ פארשמייַעטע מענטשן. מענטשן ווי די ווינטן, ווי די וויכערס אנטשולדיקט! אנטשולדיקט!

עס גייט דורך געשווינד פארבייַ די דעלעגאציע פון סטאלינסק, וואס איז געקומען אהער פארוועטן זיך...

פארבייַ פאבוייַצעס טאָמערן, מאָנטאזשניקעס, טעכניקער...

און איין איַינלנדיקער האָט זיך אָפגעקערט פון וועג אהער, אפן גראָז, פארייכטן א בענדל פון שוך.

פון די דאָרפישע יאָרן איז בא וואסיוטקינען פארבליבן די פייַקייט צו פארטשעפען זיך מיט יעדן מענטשן און צו עפענען פאר אים דאָס הארץ. ער האָט לעכאטכילע אָנגעהויבן רירן יי צו זיך, נאָר סאָפקאָלסאָף האָט ער געכאפט דעם מענטשן פארן לאַץ:

הער זיך איַין, ליבער מענטש, האָט זיך וואסיוטקין גלייַך געווענדעט צו אים, דערקלער מיר די רעטעניש: ס'האָט געלעבט

וואסיוטקין אין דאָרף וואסיוטקינאָ און איז געווען א מענטש מיט מענטשן גלײַך, אפילע אין פרעזידיומס געזעסן און אף דעמאָנ־סטראציעס די אָנגעשריבענע פּלאקאטן געטראָגן, און מיידלעך האָבן זיך געשאדכנט...

— איך האָב קיין צײַט ניט... — האָט אים, שמייכלענדיק, איבער־געשלאָגן דער מענטש.

— האָסט קיין צײַט ניט? טאקע? עפּשער האָב איך אויך קיין צײַט ניט?... עפּשער טרינק איך זיך און מע דארף מיך ראטעווען?..

דער מענטש האָט זיך ניטווילנדיק צוריק אוועקגעזעצט אפן גראָז.

— און דאָ בין איך גאָר ניט וואסיוטקין, ווי איך וואָלט ערשט פון דער מוטערס בויך ארויסגעקראָכן אהער אפן גראָז, און איך פארשטיי ניט, וואָס עס טוט זיך ארום מיר. באנאכט זשומען גרינע פײַערן. וואָס זשומען זיי? באנאכט רײַסט זיך פאנאנדער דער בארג. וואָס רײַסט ער זיך?

— אופרײַסן, — ווארפט קארג ארײַן דער מענטש א פּאָר ווערטער, — דעם ארץ...

— איך ווייס, — שלאָגט איבער וואסיוטקין, — איר מיינט טאקע, אז מע דארף מיך וויקלען? כ׳ווייס... און דאָך ווייס איך גאָרנישט. און אז דער בריגאדיר שרײַט: — „ספּעצאָווקע“, שרײַ איך: — „ספּעצאָווקע“, און אז דער בריגאדיר שרײַט: — „שאמאָווקע“, שרײַ איך: — „שאמאָווקע“, און אז דער בריגאדיר שרײַט: — „נאבאווקע“, שרײַ איך: — „נאבאווקע“.

— איך האָב קיין צײַט ניט... — שמייכלט ווידער דער מענטש.

— האָסט קיין צײַט ניט? עפּשער האָב איך אויך קיין צײַט ניט? עפּשער טרינק איך זיך, און מע דארף מיך ראטעווען?..

דער מענטש האָט זיך צוריק אוועקגעזעצט.

— און ס׳איז מיר פינצטער פון אלע זײַטן, און איך זע ניט אָן דעם ליכטיקן טאָג... פארשטייסט, איך בין געהאנגען מיט דער גאנ־

צער בריגאדע אפּ דער שווארצער ברעט. דעריקער, צי קאָנסטו עס, מענטש, פאַרשטיין, צי אַמאָל קען געבן, אַז ניט? פאַרשטייסט? —
איך הענג דאָך! מײַן נאָמען, מײַן אייגענעם נאָמען, האָט מען גענו־מען און אופגעהאנגען אים... פאַרשטייסט? מײַן נאָמען — וואסיוט־קין — איז געהאנגען אפּ דער שווארצער ברעט! איך אליין בין דאָך גלאט א מענטש, אָט גלאט ווי א שטיין אין פעלד, און מײַן נאָמען איז דאָך וואסיוטקין, און טען ניט דער נאָמען, בין איך דאָך ניט וואסיוטקין, און ער איז געהאנגען אפּ דער ברעט... פאַרשטאנען?

— ווער ביסטו? — האָט זיך פאַרינטערעסירט דער מענטש.

— א שוואַרצארבעטער... בא די ווארעמע באראקעס...—מיטאמאָל איז וואסיוטקינען מיעס געוואָרן דער געשפרעך, און דער מענטש איז אים עפּעס מיטאמאָל כאָשעדיק געוואָרן. ווײַל דער מענטש האָט גענו־מען שלעפּן א בלאָקנאָט פון קעשענע. וואסיוטקין האָט אים שוין ניט געוואָלט דערציילן דעם סאמע איקער, וויאזוי מע האָט אים אראָפּגענו־מען פון דער ארבעט, וואָס ער האָט דאָס געוואָלט אין די ערשטע ווערטער ארויסברענגען און האָט ניט געקענט.

— גיי, ליבער מענטש, האָסט דאָך קיין צײַט ניט. איך האָב זיך טאקע ליב אויסצוריידן, איך האָב אָבער פּײַנט, אז מע מעלקט מיך... גיי זיך, מענטש, איך האָב אויך קיין צײַט ניט.

דער מענטש האָט גענומען און איז אוועקגעגאנגען. דער מענטש האָט, גייענדיק, עפּעס פאַרנאָטירט אין זײַן ביכעלע. דער מענטש האָט גענומען איילן.

אפּן וועג האָבן זיך נאָך געיײַלט אסאך מענטשן. עס האָבן זיך נאָכמער געיײַלט די אײַנגעשפּאנטע פערד. עס האָבן נאָכמער געיײַלט די אווטאָמאָבילן. נאָכמער — די ווינטן.

אפּ אן אווטאָמאָביל האָט אפּן וועג דורכגעיאָגט דער נאטשאלניק פון ארץ־בארג — א געוועזענער שעדיקער. ער האָט אסאך שאָדן פריִער אָנגעטאָן, און איצט יאָגט ער אפּ אן אווטאָמאָביל, און עס דוכט זיך, אז ער וויל אָניאָגן די פריִער פאַרלאָרענע צײַט.

אפּ א צווייטער מאשין יאָגט א יונגער, סאָוועטישער אינ־

זשעניער, ס'דוכט — ער וויל אָניאָגן דעם אלטן. ס'דוכט — ער וויל אריבעריאָגן.

און וואסיוטקין ליגט נאָך אלץ אפן גראָז־אינדזל, ליגט און טראכט זײַנע ביטערע געדאנקען:

— וואָלט מען פרעגן בא מיר, צי וויל איך מיט מײַנע פרײַען ווילן ארבעטן, צי ניט?.. עפשער בין איך טיפ אין הארצן גאָר א שלאָגלער?.. עפשער איז שולדיק דער בריגאדיר מוסבעטינדאָוו, וואָס מיר האָבן ניט אויסגעפילט די נאָרמע?.. א טײַוול... גיט ער א קוק מיט זײַנע קאָסע אויגן, ווארפט ער אָך אן איימע, מוז איך אים פאָלגן. ער שרײַט: — „ספעצאָווקע", שרײַ איך: „כפעצאָווקע", ער: „שאמאָווקע", איך: — „שאמאָווקע"...

ביטער אפן הארצן. זייער ביטער. פארוואָס בין איך אויס שווארץ־ארבעטער? פארוואָס הענגט ניט מײַן נאָמען אף די לײַלעכער איבער די עסטאקאדעס? פארוואָס דערמאָנען מיך די אָראטערס? פארוואָס שרײַבט מען וועגן מיר אין הענגענדיקן בלאט?

די שטאָט רינגלען ארום בערג און די טאָל־שטאָט באפאלן די ווינטן פון די בערג. עס האָבן זיך פלוצים פארשטארקט די ווינטן. אין דער דאָזיקער שטאָט זעט מען אָפט מענטשן אין א לעכערלעכער לאגע — ווי דער ווינט יאָגט אוועק זייער הוט אָדער קעפי, און זיי יאָגן זיך נאָך. דער ווינט מאכט די מענטשן שמייכלענדיק. אז מע יאָגט זיך נאָך דער הוט, מוז מען שמייכלען.

אז א מענטש קאָן ניט אויסטרינקען, ווען ס'איז אים דאָסיק אפן הארצן, איז כאָטש נעמ און צי זיך אויס — ליבער גאָט...

ער האָט זיך דערמאָנט אָן גאָט, פונקט ווי דאָס מאָל וואָלט אים גאָט עקסטרע נייטיק געווען. האָט ער, זיך דערמאָנענדיק אָן אים, פארטראכט. גאָט פלעגט ער, דאכט זיך, דערמאָנען זייער אָפט, אײַנפלעכטנדיק זײַן נאָמען אינעם קאָפלשמוינעדיקן זידל־וואָרט. גאָט איז געווען פאר אים שוין א לאנגע צײַט ניט מער, ווי איין וואָרט פון אָט דער קאָמבינירטער זידלערײַ. און דאָ, פלוצים, איז

אים נייטיק געוואָרן גאָס. דרײַ פינגער פון האַנט האָבן זיך צונויפֿ־געקוועטשט אַפּ ציילעמען זיך.

— אין אַ קלויסטער צוגיין, גאָס בעטן, עפּשער וועט אָפּגיין דאָס הארץ.

ער האָט זיך געלאָזן גיין איבער דער שטאָט.

די שטאָט איז אינגאַנצן פיר יאָר אַלט — און דערפאַר אײַלט זי זיך, ווי אַ געראָטן, פלינק קינד, און זאַפּט אײַן אַסאַך אײַנדרוקן, ווי אַ קינד, און וואַקסט מיטן שנעלן וווּקס, ווי אַ קינד.

אַפּן וועג פאָרן קינדער מיט אַ לערערן אין אַן אויטאָבוס צו דעם „אַמעריקאַנער שטעטל". דאָרטן וואַקסן בעריאָזעס — מע דאַרף ווײַזן די קינדער, וואָס דאָס איז. דאָס זײַנען אַזעלכע ווײַסע סלופּעס, און אַפּ זיי וואַקסן גרינע בלעטער. ס'איז אויסערגעוויינלעך. מער ווי אָט די בעריאָזעס איז דאָ נאָך גאָר ניטאָ. די פאַרזעצטע ביימעלעך דאַרפֿן דאָ אויסוואַקסן, ווי די קינדער, ווי די דאָמנעס, ווי די שטאָט.

וואַסיוטקין האָט זיך געלאָזן גיין איבערן שטאָט איבערן שטאָט, אין ניט איבער די גאַסן, וואָרעם די שטאָט איז נאָך ניט קיין באַגאַסטע, און מע קאָן אין דער קוועק איבערשנײַדן די קוואַרטאַלן, די הויפֿן. אין יעדער ריכטונג קאָן מען גיין אין אַ גראָדער ליניע, ניט אָפּקערנדיק אָן אַ זײַט. ניטאָ נאָך קיין צאַמען אין אָט דער נײַער שטאָט.

ער איז געגאַנגען לאַנג און קיין קלויסטער אַלץ ניט געטראָפֿן.

— אין יעדן דערפֿל, האָט ער געטראַכט, איז פֿאַראַן אַ קלויסטער, אַפּ יעדן געסל שטייט אַ ציילעם. אָט אין דער שטאָט, ניין, ס'איז גאָר ניט ענלעך אַפּ אַ שטאָט, אין אָט דעם שטעטל, — ניין, ניט קיין שטעטל, אין אָט דעם דאָרף, ניין, וואָס פֿאַר אַ דאָרף, אין אָט דער צעמישטער שטאָט איז ניטאָ קיין קלויסטער...

מומינקע, — האָט ער געפֿרעגט בײַ אַן אַלטיטשקער (זעלטן וועגן, זייער זעלטן באַגעגנט מען דאָ אַן אַלטיטשקע), — ווו איז דאָ אַ קלויסטער?

— ניסאָ, זונעלע, דאָ קיין קלויסטער, — האָט מיט א כאָרעוון
קאָל געענטפערט די אַלטיטשקע.
די שטאָט איז פול מיט פײַערן. די שטאָט איז פול מיט ליכט.
אזוי אוועקשטעלן זיך אינמיטן שטאָט ציילעמען קאָן מען אויך ניט.
ליכט פון לעמפּעלעך, פּראָזשעקטערס, בליץ־פײַערן פון עלעקטרע־
שמעלצונג.
דער גאנצער הימל איז אָנגעצונדן. דער הימל איז רויט. עס קאָן
זײַן, אז דער גאָט פון דער פײַער־שטאָט האָט אָפּגעברענט אין אָנגע־
צונדענעם הימל אָדער דערשטיקט געוואָרן פון די רויך־בערג, וואָס
הייבן זיך קעסיידער צום הימל. עפשער איז גאָר די רויטקײַט — געט־
לעך בלוט. בלוט, און פײַער, און קנוילן רויך.
און דאָ ארום איז דאָפּלט ליכטיק — א פײַערדיקער קײַלעך אנט־
קעגן די אויגן.
— וואָס איז דאָ? — פרעגט וואסיוטקין בא א יונג־נקער. (יונגינ־
קע זײַנען דאָ אסאך אין דער דאָזיקער שטאָט. זיי זײַנען אלע אָפּגע־
ברענט פון זון, און פון זיי שמעקט עפּעס ווי א זון־צוגעברוינטקײַט.
אין דער דאָזיקער שטאָט זעט מען ניט קיין בלייכע, אויסגעדארטע
מיידלעך — פונקט ווי עס וואָלטן שטיין ווערטער בא די „טויערן"
פון שטאָט און ניט ארײַנלאָזן אזעלכע).
— א צירק, — לאכט זיך אויס דאָס מיידל.
ניין. ערגעץ מוז מען זיך אהינטאָן. ס'איז זייער אומעטיק
וואסיוטקינען מיט זיך אליין. און קיין אומעטיקן גאָט קאָן מען דאָ
אויך ניט קריגן. רו. אביסעלע רו. אָפּרוען פון די אייגענע געדאנקען.
עפשער קאָן מען דאָ קריגן אביסעלע רו?
— גיט מיר דאָס העכסטע אָרט, — האָט ער האַפּעדיק געזאָגט
צו דער קאסירשע; געמיינט מיט דעם האָט ער — דאָס בעסטע.
געוואָלט האָט ער זיך זעצן דאָרטן פאָרנט אפן מיט־טעפּיכער־
באדעקטן באריער. נאָר קיינער זעצט זיך ניט אפ אים. דארף מען
ניט. אין דער ערשטער ריי איז אויך גוט.
מוזיק. פונעם פויק האָט אים גענומען ווי טאָן דער בויך.

פון א פויק טוט א׳מ אלע מאָל ווי דער בויך. די טאצנ געפעלן אים אויך ניט. קיין סייכל ניטאָ אינ דעמ. עס קלאפט א טעלער אָנ א טעלער. בעכיינ?.. א פידל איז א גרויסער אײַנפאל. דאָס וויינט ווי א מענטש, אונ דער, וואָס שפילט אפ דעמ, לייגט אלעמאָל אונטער א טיכעלע, ווי אפ אָפּווישנ די טרערנ. די גאנצע מוזיק ביכלאל איז א גרויסער אײַנפאל. דאָס רעדט אָנ ווערטער, די ווערטער טראכטנ זיך צו בא זיך אינ קאָפּ, אונ יעדער מענטש טראכט זיך צו זײַנע ווער־טער — עס גיסנ זיך זילבערנע טײַכנ פונ די שטיינערנע בערג —פונ די שטיינער וואקסנ ארויס גרינע וועלדער — איבער די וועלדער פליִענ זינגענדיקע פייגעלעך — עס פאלנ שטיינער אינ די טײַכנ־ עס שווימענ גאָלדענע פיש אינ די טײַכנ — צעפלייצטע לעוואָנע־ שטיקער אינ די טײַכנ — וואנדערנדיקע פײַערלעך אפ שיפלעך — נאכט-געזאנג אפ טײַכנ...

אונ וואסיוטקינ דערפילט זיך איידל, — אונ ער קוועטשט אָנ די די נאָז, ער זאָל זיך ניט צעניסנ, אונ ער פאריכט דאָס היטל אפנ קאָפּ, אונ ער כאפט זיך, אז ער האָט זיך אָנגעלייגט מיט א האנט אפ זײַנ שאָכנ. נעמט ער צו די האנט צוריק, עפשער איז אים שווער.

מאָדנע. כאָטש נעמ אינ פארגיס אנ אומזיסטע טרער.

נאָר אָט זײַנענ שוינ ארופגעפלויגנ אפנ קרײַז, א באשאָטענעמ מיט פאָלעווינעס, צוויי קאָמעדיאנטנ, אונ זיי קריכנ איינער אפנ אנדערנ, לאָזנ ארויס פונ מויל גאנצענע טײַכנ, אונ די האָר שטעלנ זיך בא זיי דיבאָמ — אונ עס ווילט זיך שוינ גאָר לאכנ, לאכנ הויך אפ א קאָל.

איבערנ צירק פלייצט א געלעכטער, אונ אימ פארהילכט א באזונ־דער געלאכ, ווי א לאנגער צוג מיט וואגאָנעס.

הא־הא־הא־הא

געלעכטער. ווי א פאָלק ארמייער וואָלטנ געלאכט לויט א קאָמאנדע. איינ קאָמעדיאנט, מיט די געלע האָר, האָט פלוצים א געשריי געטאָנ צו וואסיוטקינען:

— ביסט דאָך איך א געלער, פארוואָס לאכסטו פונ מיר?

עס ווערט ווידער פארפלייצט דער צירק מיט געלעכטער. מענערי־

שער ברוסט־געלעכטער, וואָס קייטלט זיך פון באזונדערע שטיקלעך הארטן געלעכטער, און ס׳דוכט זיך, אז ווען עמעצער גיט א סיגנאל אפ אופהערן, שטעלט ער זיך די מינוט אָפ. פרוייִשער קלינגעוודיקער געלעכטער — וואָס, פארקערט, עס דוכט זיך, אז ער וועט קיינמאָל זיך ניט אָפּשטעלן. אין דער דאָזיקער סימפאָניע רייסט זיך אויך אריין קינדערשער געלעכטער — ווו ס׳פילן זיך ניט די דינע פעדעם פון די נערוון, נאָר ס׳פליצט רוישיקע האנאָע פון דער וועלט.

און וואסיוטקין ווידער:

— הא־הא־הא.

און מיטאמאָל טאקע שטעלט ער אָפּ דעם געלעכטער אינמיטן־דרינען און זאָגט אָפּ מיט גרויס קוראזש:

— וואָס פאר א געלער בין איך דיר, כ׳בין א „העלער בלאָנדין"!

דער אוילעם לאכט ווידער, נאָר איצט ווייסט שוין וואסיוטקין, אז מע לאכט שוין ניט פון די כאָכמעס פון די קאָמעדיאנטן, נאָר פון זיין אייגענער כאָכמע, און ער דערפילט זיך מיטאמאָל הערשנדיק איבערן אוילעם, אָט גאָר ווי בא זיך אין וואסיוטקינאָ אפ א וועטשע־רינקע. און עס פארווילט זיך אים זייער שטארק אריינזאָגן הויך און געלאסן נאָך א כאָכמע, נאָר עס איז אים עפּעס שווער ארויסצובאקומען זי פון אינעווייניק. ער גיט זיך בליץ־שנעל א טראכט:

„אין וואסיוטקינאָ האָבן מיך די מיידלעך געהאלטן פאר א נאר. נאָר כאָכמעס, פלעגן זיי זאָגן, זאָג איך גוטע".

„אויב איך וועל נאָך אין דער סעקונדע אריינכאפּן זאָגן, איז גוט".

ערשט איצט האָט ער דערפילט: די צייט יאָגט אויך אזוי שנעל, ווי די ווינטן.

די סעקונדע איז דורכגעלאָפן, נאָר ער איז פונדעסטוועגן געבליבן זיצן ווירדיק און צופרידן.

„נישקאָשע, אז א מענטש זאָגט אָפּ איין כאָכמע, פארשטייען שוין מענטשן, אז אויב ער וואָלט נאָר וועלן, קאָן ער זאָגן א צווייטע. עפּשער וויל איך ניט".

און אז די עקסצענטריקער האָבן געענדיקט זייער נומער — האָט ער אָפּגעוואַרט, ביז דער אוילעם האָט אפּלאָדירט און רויִק־געלאַסן אָפּגעקלאַפּט זיך מיט די ברייטע הענט ברייטע, געלאַסענע קלעפּ — אייגענע.

דערנאָך זיַינען ארויס אף דער ארענע פערד, געטראָטן פוס־הער, פוס־הין, ווי באַרישניעס.

און ס'איז אומעטיק געווען צו קוקן אף די פערד, וואָס מאַכן זיך מענטשיש, פונקט ווי עס איז אומעטיק צו קוקן אף מענטשן, ווען זיי מאַכן זיך פערדיש.

אזא פערד, — האָט געטראַכט וואַסיוטקין, — ווען מע לאָזט אים אריַין אין א קאָלווירטישער שטאַל, וואָלטן אים די איבעריקע פערד אויפגעגעסן. בורזשויסקע פערד.

און אומעטיק איז געווען צו קוקן אף דער פרוי, וואָס האָט זיך געדראַפּעט אפן דראָט, וואָרעם זי האָט געטראָטן אפן דראָט מיט א פאַרקוועטשטן מויל און קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. און וואַסיוטקין האָט דעריקער געוואַרט אף א וואָרט. עפּשער וועט זיך אים איַינגעבן צו פאַרוואַרפן א וואָרט פאַר א וואָרט.

דערנאָך האָבן זיך באַוויזן צוויי מענטשן אף דער ארענע־ אָנגעטאָן פּאַשעט, אָן קינצן, און עס וויַיזט זיך ארויס ווידער קאָמעדיאַנטן, וואָרעם איינער פון זיי האָט אָנגעהויבן:

— בא מיר איז דאָ קאַליע געוואָרן דער זיקאָרן. אָט דאָ ניט לאַנג האָב איך געגעסן אין דער קיך אפן זעקסטן באַצירק. אָפּגעגעסן און מיר איז באַלד פון זינען ארויס, צי האָב איך יאָ געגעסן, צי ניט געגעסן.

וואַסיוטקין לאַכט אָבער ניט סאָראָ. ער לאַכט מיט אַלעמען צוגליַיך. ער האָט מוירע צופיל לאַכן. עס שאַדט צום געזונט עס קלאַפּט זיך אָן צופיל דער לונג אָן דעם לעבער. אין וואַסיוטקין האָט זיך שוין גלאַט אביסל אָנגעוואָרן זיי זאָגן בעסערע כאָכמעס פאַר מיר, איך בין גלאַט אויסגעשעפּט, ניטאָ די אמאָליקע שאַרפקיַיט פון סייכל. ניטאָ די אמאָליקע כאָכמע אויסגעווייעפּט זיך.

_ ער האָט שוין גאָר קימאַט אויפֿגעהערט צו לאַכן. עס איז ניט צום געלעכטער, ווען אַ מענטש דערפֿילט זיך צום נישט.

ער האָט ווידער דערפֿילט אין זיך אַן אומבאַפֿרידיקטקייט — ווי נאָך אַ שיקרעס.

ער האָט זיך ווידער אָנגעלייגט מיט אַן עלנבויגן אויף זײַן שאַכן, און יענער האָט דאַסמאָל געזאָגט:

— כאַווער, וויפֿל וועגט איר?

ער האָט צוריק צוגענומען דעם עלנבויגן.

נאָר די קאָמעדיאַנטן טוען זיך זייעריקס. איינער פֿון זיי — אַ סימוליאַנט—זויגט פֿון אַ פֿלעשל און לאָזט אַרויס דערנאָך פֿון מויל אַ גאַנצן פֿאָנטאַן און רעדט מיט אַ הייזעריק-פֿײַפֿנדיקן קאָל, ווי די ראַדיאָ פֿון וואַנט:

— איך אַליין, ברידערלעך, האָב פֿײַנט צו קלערן. איינמאָל אין מײַן לעבן האָב איך זיך פֿאַרקלערט, האָט מיך שיר דער אווטאָבוס איבערגעפֿאָרן. פֿון דעמלט אָן האָב איך מויז צו קלערן — דאָס לעבן איז טײַערער, מענטשן קלערן אָן מיר, פֿאַרשפּאָרן מיר אַרבעט. און אַז מײַניקע שרײַען: — „ספּעצאָווקע", שרײַ איך — „ספּעצאָווקע", שרײַען זיי: — „שאַמאָווקע", שרײַ איך: — „שאַמאָווקע", שרײַען זיי: „נאַבאַווקע", שרײַ איך: — „נאַבאַווקע".

— זע־זשע — זע נאָר, הער נאָר, — האָט זיך וואַסיוטקין אַ כאַפּ געטאָן, — פֿונוואַנען ווייסט ער? דאָס זײַנען דאָך מײַנע ווערטער.

דעם קאָמעדיאַנטס פּאָנעם איז פֿאַרמאַליעס, ווי אַ וואַנט, קוים וואָס די נאָז זעט זיך אַרויס, און פֿון אונטער די אָנגעשמירטע פֿאַרבן האָט זיך וואַסיוטקינען גענומען אויסדאַכטן אַ באַקאַנטער פּאָנעם.

מינוטן פֿון אָנשטרענגונג דעם זיקאָרן. אויף דעם פּאָדערן זיך עט-לעכע טראָפּנס שווייס, אויף דעם פּאָדערט זיך אַ קראַץ אין פּאַטיליצע. אויסלייגן אַ פּאָר טיפּע קנייטשן, ווי מעסער-שניט, איבערן שטערן. פֿון דעם פֿאַרברייטערט זיך דאָס מויל און די נאָזלעכער, ס'פֿאַרשמעלער זיך די אויגן. וואַסיוטקין האָט דורכגעמאַכט אַלץ, וואָס מע באַדאַרף.

וואַסיוטקין האָט זיך געכאַפּט.

— אָ! ס'איז דאָך אָט דער מאמזער, וואָס האָט דאָרט אפן גראָז פאַריכט דאָס בענדל פון שוך...

אונ ער גיט גלײַך א טראַכט איינס נאָך דאָס אנדערע:

איינס:

— ווען די מענטשן, וואָס זיצן דאָ, ווייסן, אז דאָס זײַנען מײַנע ווערטער, וואָלטן זיי גאָר געביטן די מיינונג וועגן מיר, וואָלט זיי גאָר אײַנפאַלן אין קאָפּ, אז איך בין שוין גאָר ניט אזוא כאָכעם, ווי זיי האָבן פריִער געמיינט.

צוויי:

— אָט־אָט רעדט ער אָפּ אונ גיט זיך קאַלטבלוטיק א זאָג: אזוי קלערט איך זיך וואסיוטקין דער באַרײַסער אונ וואמפיר, וואָס ווינט אפן זעקסטן באַצירק...

דרײַ:

— איינמאָל האָבן שוין די דראמאַטיקער אין קלוב פאַנאנדערגע־שניטן פונקט אזוי מוכמעטינדאָוון.

אין אים האָט זיך געננומענע דוכטן, אז פונקט ווי דער פריִערדי־קער פאַיאַץ האָט געוואָרפן פּילקעלעך אפּג אויילעם אין געכאַפּט זיי צוריק, אזוי וואַרפט דער איצטיקער קלאָון בליקן אף אים, אונ דאכט זיך, אָט־אָט זאָגט ער:

...וואסיוטקין פון זעקסטן באַצירק...

ער האָט זיך דערמאָנט.

מוכמעטינדאָוו, ווען מע פאַקט אים שוין אָט־אָט בא דער האַנט, גיט ער זיך אליין אפריִער אַרויס: „איך בין שולדיק, ברידער־לעך", אין ער דרייט זיך אלעמאָל אַרויס. בעסער אליין אַהויסגעבן זיך. אָ, פאַרן אוילעם האָט וואסיוטקין קיין מוירע ניט. ער האָט שוין היינט איין מאָל באַהערשט דעם אוילעם.

ער איז אריבערגעשפּרונגען דעם באַרייער.

אויבנוויל קעפּ אַרום אין אַרום, ניט ווי לעבעדיקע, נאָר אָנגעהייפנטע, געדיכט־פאַרזייטע קעפּ.

ער האָט בעעמעס ארויסגעלאָזן פון זינען, אז דאָס זײַנען עמעסע קעפּ. ער האָט ברייטלעך א שמאָרע געטאָן מיט דער נאָז.

די פארזייטע קעפּ האָבן אופגעריסן, פון זיי האָט ארויסגעפּלייצט א הארטער געלעכטער.

דאָס האָט אים געעפנט די אויגן: עמעסע קעפּ, שווארצע קעפּ, בלאָנדע קעפּ, פליכעוואטע, רויט־טיכלדיקע.

וואסיוטקין האָט איידל, ווי א רעדנער, געזאָגט:

— כאווײרים פון גאָר דעם צירק, דער געערטער כ' קאָמעדיאנט האָט פאר אײַך דאָ פאָרגעשטעלט א ניט־געווונטשענעם טיפּ, וועלכן ער האָט פון מיר פערזענלעך אראָפּגענומען, און איר האָט אלע גע־לאכט. צו־געזונט. איך האָב ניט קיין פּרעטענזיעס.

און כאָטש טו וועך ווייסט וואָס! מער האָט ער ניט געהאט וואָס צו זאָגן. עס האָט פארכאפּט דעם אָטעם, ווי נאָך א שטארקן אָנטרינ־קען זיך.

קוים איבערגעכאפּט דעם אָטעם:

— מיר איז מיִעס, כאווײרים, פאר זיך אליין, פאר מײַן ווײַב און קינדער, וועלכע איך האָב פארפלעקט (דאָס האָט ער שוין אויסגע־טראכט ניט ווילנדיקערהייט, פּאָשעט די דאָזיקע ווערטער האָבן זיך אים אָנגערוקט אפן צונג, און ער האָט מוירע געהאט, אז ער וועט קיין אנדערע ניט געפינען), פארן קלאס, און איך שטיי פאר אײַך פארשעמט און פארקלעמט, און ווען איך קאָן זיך, ליבע כאווײרים, באגראָבן אפן אָרט...

— כאווײרים! — האָט ער זיך מיטאמאָל א כאפּ געטאָן. — אָט זיצט אין דער דריטער ריי דאָס מיידל די גרוזינערן, א גרויסער אינ־זשעניער, א גרויסע שלאָגלערן. איך האָב איר פּאָנעם געזען אין די בלעטער, איך בעט בא איר אנטשולדיקונג, וואָס איך בין ניט אזא ווי זי, וואָס איך האָב, קאָן מען זאָגן, איר ווייניק געהאָלפן.

דער אוילעם האָט אופגעהערט צו לאכן מיטן מויל. דער אוילעם האָט גענומען לאכן מיט די הענט. א הארטער האנט־געלעכטער — אפּלאָדיסמענטן — האָט זיך צעשאָטן.

— כאווייריִם, — האָט ער זיך ווײַטער געריסן, — אין דער פּערטער ריי זיצט דער נאַטשאַלניק פון מיליציע. אַ העלדישער מענטש און אַ גרויסער שלאָגלער, באַ אים בעט איך אויך אַנטשולדיקונג און בעט באַ אים, ווי דעם ערשטן בירגער און שלאָגלער פון שטאָט, פאַ־רעכענען מיך צוריק אָפּ מײַן אַרבעט.

די הענט לאַכן ווידער.

אַסאַך העלדישע מענטשן אין אוילעם. וואַסיוטקין קאָן זיי אַלע־מען ניט איבערעכענען.

וואַסיוטקין האָט זיך צוריק געזעצט אָפּ זײַן אָרט און איז געבליבן זיצן שטיל מיט שטאַרצנדיקע אויגן, נאָר די אויגן האָבן קיינעם ניט געזען און האָבן, מיסטאָמע, געקוקט אין זיך.

ער האָט זיך איצט אפילע אָפּגערוקט פון זײַן שאָכן, נאָר דער שאָכן האָט גאָר אָפּ אים אַרופגעלייגט זײַן האַנט. וואַסיוטקין האָט ניט פּראָטעסטירט. זאָל ער צוהאַלטן די האַנט. עפּשער איז אים אַזוי לײַכטער.

אַז עס האָט זיך געענדיקט, האָט דער שאָכן קוים אַ מאַך געטאָן מיטן אויג, וואָס האָט איבערגעלאָזן אין סאָפּעק, ווי אַ ווײַטער שטערן אין הימל — צי האָט ער יאָ אַ פינקל געטאָן, צי ניט.

נאָר ער איז פונדעסטוועגן אַרויס נאָכן שאָכן.

אין פולן גלאַנץ האָט געאַרבעט די נאַכט-סמענע פון הימל. זי איז געווען אײַנגאַנצן פאַרשאָטן מיט ברענענדיקע שטערנדלעך, ווי מיט שטיקלעך ברענענדיקן קאָקס, וואָס שפּליטערן זיך אָפּ פון די פײַער־דיקע קאָקס-זײַלן, ווען זיי פאַלן אַרויס פון די שמאָלע אויוונס.

אַפריִער איז געגאַנגען דער שאָכן און געשוויגן. ער איז אויך פון די, וואָס אײַלן זיך קעסיידער, נאָר איצט איז ער געגאַנגען פאַמעלעך. ער איז אַ מײַסטער באַם בליומינג, וואָס מאָנטאַזשירט זיך. ער איז געקומען אַהער, ווי וואַסיוטקין — אַ שוואַרצאַרבעטער. איצט איז ער אַ זעלטענער טעכניק־אָרגאַניזאַטאָר, איצט קלײַבט ער זיך גוט פאַנאַנדער אין די מאַטעמאַטישע פאָרמולעס און צייכענונגען. דער

דאָזיקער מענטש איז מיט יעדן מאָרגן־פרי אופגעשטאַנען און געפילט, אַז היַינט איז ער עפּעס אַ סאַך מער, ווי נעכטן. יעדן טאָג האָט זיך פאַר אים דער הימל אַלץ אַ פּאַ גרעסערן מעהאַלעך דערנעענטערט מיט דער ערד. דעם מענטשן איז קיינמאָל ניט געווען אומעטיק און קיינמאָל איז אים ניט שווער געווען די אַרבעט — וויַיל יעדן טאָג איז ער געווען אַן אַנדער פרישער, ניַיער מענטש. דער דאָזיקער מענטש קאָן זיך שוין ניט פאָרשטעלן, וויַאזוי האָט ער געלעבט און וויַאזוי האָט ער געקאָנט לעבן מיט דריַי יאָר צוריק, ווען ער איז נאָך געווען ניט אַזאַ.

ער איז לעכאַטכילע געגאַנגען און געשוויגן. אַזאַ מענטש, גייענדיק זייער פּאַמעלעך און שוויַיגנדיק, יאָגט אין דער זעלבער ציַיט זייער האַסטיק זיך אַליין. אַזאַ מענטש גייט לאַנגזאַם מיט אַן אויסערגעוויינלעכער אינעווייניקסטער שנעלקייַט.

וואַסיוטקינען האָט זיך שיר ניט אויסגעדאַכט, אַז דער דאָזיקער מענטש האָט אים גאָר ניט אַ ווונק געגעבן מיט אַן אויג, און ער האָט זיך [illegible] [illegible]וואָלט אָפּקערן, נאָר דער דאָזיקער מענטש האָט שנעל אַ זאָג [illegible]

[illegible] קומען מאָרגן אינדערפרי צום בליומינג־מאָנטאַזש, מיר דאַרפן [illegible]ער האָבן דריַי הונדערט אַרבעטער.

און מער האָט דער מענטש, וואָס האָט אויסגעהאָדעוועט זיך און אויסגעהאָדעוועט הונדערטער אַנדערע אַף דעם בליומינג — מער האָט ער גאָרנישט ניט געזאָגט. און איצט איז קלאָר געוואָרן, פאַרוואָס ער האָט, גייענדיק, אַזוי געשוויגן. ער האָט זיך, קאָנטיק, גוט באַטראַכט, ביז ער האָט עס געזאָגט, און קאָנטיק, אַז צוזאַמען דערמיט האָט זיך אופגעשטעלט פאַר זיַינע אויגן זיַין גאַנצער וועג, פון אַ שוואַרץ־אַרבעטער ביז אַ מיַיסטער, אַף וואָס ער האָט אַנדערש־ווען ניט געהאַט קיין ציַיט צו קלערן. ער האָט דריַי יאָר ניט אָפּגעלעבט — געלעבט! — און איצט האָט ער זיי איבערגעלעבט.

און אַרום האָט געלויכטן די שטאָט. אינערגעץ איז ניטאָ אַזויפיל פיַיערן, ווי אין דער דאָזיקער ליכט־שטאָט, וואָס לעבט קיַילעכדיקע

מעסלעסן, אפ װעלכער עס ברענט דער הימל און אין װעלכער עס איז ניטאָ קיין איין קלױסטער.

— א גוטע נאכט, — האָט געזאָגט װאסיוטקין.

— א שיינע נאכט, — האָט געענטפערט דער מײַסטער אָנשטאָט „א גוט יאָר“.

מאגניטאָגאָרסק. 1933.

# וועגנ אײַזיק קארפנ

## 1

דאָ וועט דערציילט ווערנ וועגנ אײַזיק קארפנ, וואָס איז אינ א כמורנעמ פרימאָרגנ ארויסגעפאָרנ פונ דעמ שטעטל ביביטשקע אונ איז אינ א שיינעמ פרימאָרגנ געקומענ אינ א גרויסער נײַער שטאָט אפ אוראל.

וועגנ ארויספאָר וועט גאנצ קנאפ געזאָגט ווערנ. לאָז נאָר דערמאָנט ווערנ, אז אלע מיידלעכ האָבנ אימ צופוס באגלייט צו דער סטאנציע. בא אייניקע פונ זיי זײַנענ די אויגנ געווענ פארוויקלט אינ א שיינער פײַכטקײַט, ווי איידעלע פרוכטנ אינ זילבער־פאפיר. אונ זאָל קיינעמ ניט אײַנפאלנ, אז ס'איז צו קלינגענדיק געזאָגט געוואָרנ, ס'איז ריכטיק געזאָגט געוואָרנ. אזעלכע מיידלעכ, ווי אינ ביביטשקע — אפ אונדז אלעמענ געזאָגט געוואָרנ. איך קאָנ זיי ניט. זיי האָבנ געפאָכעט מיט זויבערע נאָזטיכלעכ, אונ אנדערע, זיכער, אויכ מיט די הערצער... ביז דער צוג איז אוועקגעפאָרנ אינ איבערגעלאָזנ, ווי מע זאָגט עס, נאָר א רויכ...

אונ מיט אנ אנדער וועג זײַנענ די מיידלעכ צוריק־אײַעק אינ שטעטל...

וועגנ דעמ וועג וועט ווייניק געזאָגט ווערנ. נאָר ס'איז קעדײַ צו באמערקנ, אז אימ, אײַזיק קארפנ, דעמ בענקענדיקנ, האָט זיכ אינ דער מינוט פונ זײַנ שוואכקײַט געדוכט, אז פונ הײַנט אָנ אונ ווײַטער וועלנ שוינ אייב־אייביק גיינ איבער די געסלעכ פונ דעמ שטעטל ביביטשקער מיידלעכ מיט אויגנ, פארוויקלטע אינ א שיינער פײַכטקײַט, ווי איידעלע פרוכטנ אינ זילבער־פאפיר. האָט ער לעכאטכילע אביסל געבענקט... דערנאָכ האָט אָבער אָנגעפלייצט אפנ ציג די וואָלגע.

אָ, די וואָלגע! זי איז געלעגן אים פאר די אויגן, ווי א גרויסער אַנשוילעכער לערנבוך פונ דיאַלעקטיק — אונ אירע כוואַליעס האָבנ געדינט פאר אים, ווי גרויסע בוכשטאבנ, וואָס אלע צוזאמענ לייגנ זיי צונויפ דעם גרויסנ דיאַלעקטישנ געזעצ:

— אלצ פליסט אונ ענדערט זיכ. באַרויק זיכ, באַכערל...

זי האָט פארפלייצט אירע ברעגנ, דעם האָריזאָנט, זיינ נייעכ — אונ ס'איז אנטרונענ די בענקעניש.

נאָכדעמ, ווי זיינ מויעכ איז פארפלייצט געוואָרנ פונעמ צויבער-וואסער פונ דער וואָלגע, איז זיינ הארצ געפאנגענ געוואָרנ דורכנ פייער, דורכ די אוראַלער פייער-שטעט, וואָס שטייענ אפ די בערג. באנאכט זעענ אויס די דאָזיקע פייער-שטעט, ווי זיי וואָלטנ געשטאנענ ניט אפ די בערג, נאָר ווי זיי וואָלטנ אריינגעקראָכנ אינ די בערג. די בערג זעענ אויס ווי דויכע, פארשפיצטע וואָלקנ-קראצער מיט אסאכ-אסאכ פייער-פענצטערלעכ. באנאכט קריכנ אריינ די שטעט אינ די בערג. אזוי דוכט זיכ אינ אָט די שיינע, הויכע זומער-נעכט, ווענ מע איז אזוי ניכטער, אונ ס'זיינענ פארשיקערט נאָר די אויגנ. אונ אויב ער האָט אפנ וועג נאָכאמאָל א פיבער געטאָנ — דארפ מענ אימ ניט באשולדיקנ אינ רעצידיווג, נאָר באמערקנ, אז אינ דער מינוט איז פארביי דעמ צוג-פענצטער דורכגעפלויגנ א מעמאָריאל-ברעטל: „אייראָפּע — אזיע”, אז ער האָט איבערגעשפאנט פונ איינ מאטעריק אפנ צווייטנ.

דורכגעפאָרנ איינ מאטעריק, אריינגעפאָרנ אינ א צווייטנ, אונ ס'איז נאָכ לאנג-לאנג דער וועג, ווי דער מילכ-וועג פונ הימל, אונ דו פאָרסט נאָכ אלצ אין דעם אייגענעמ לאנד.

## 2

די הימל-אונטערצינדערס — די דאָמנעס, די קאָקס-אויוונס מיט די פייער-זיילנ, וואָס פאלנ פונ זיי ארויס, דער בליומינג, וועלכער בלעטערט אייזנ-בערג, די אייזנ-געפלאָכטענע עסטאקאדעס, וואָס עס

דוכט, אז זיי זײַנען שוין מער געמאַכט געוואָרן פון גראַנדיעזער שײנקײַט וועגן, אז דאָס זײַנען אזעלכע אינדוסטריעלע באַפּוצונגען.

ווען איַיזיק קארפּ קאָן אָנרופן באַם נאָמען די טיילן פון די דאַזיקע מאַשינעריעס, ווי ער קאָן אָנרופן יעדן שוועמל, וואָס שוועמלט אין וואלד נעבן דעם שטעטל ביביטשקע, ווי ער קאָן אָנרופן באַם נאָמען אלע מיידלעך, וואָס באַפּעלקערן דאָס שטעטל ביביטשקע!

אָבער מירן אים בעשומויפן ניט פארגלײַכן צו א פיש, וואָס האָט געטראָפן אפן ברעג. אן אונדזעריקער יאט רײַסט פון זיך גלײַך אראָפּ אין אזא פאל די זשאַבערס און גייט אוועק אפ ביידע פיס.

גוט. בויט ער דערוויַיל באַראַקעס. אָבער זעט, ווי דער דאָזיקער מענטש קוקט זיך צו אלץ צו — מיט צעעפנטע, צעגליטע אויגן, מיט אויגן, וואָס קאָנען לאנג קוקן אפ דער זון, מיט אויגן, וואָס ברענען, ווען זיי זײַנען אין דער פינצטער.

און די מענטשן פארשטייט ער אויך דאָ, אייגנטלעך, אפן קוק, פונקט ווי אינדערהיים. ווען דער נאַטשאַלניק פון דער בויונג גייט צופוס, איז א סימען, אז אלץ איז אין אָרדענונג. אז ער פליט אף אן אווטאָמאָביל — איז א דוחקייס.

און דעריקער איז גוט, וואָס אים פארשטייט מען אויך. ער האָט אזא שטילן, היימישן, ווויל־שטעטלדיקן פּאָנעם מיט לויטערע אויגן, ווי מיט רייניקע בלויען ספּירט איבערגעוואַשענע, און דערפאר האָט מען געשמייכלט צו אים. אז מע גיט א קוק אף אזא פּאָנעם, דוכט זיך, אז מע האָט זיך אויסגערוט אביסל. און די שטאָט איז זייער א פארהאָרעוועטע.

און דער סעקרעטאר פון קאָמיוגישן בוי־קעמערל ניַנע גראַסימאָווע האָט צו אים איינמאָל אויך א שמייכל געטאָן. זי איז דורכגעגאַנגען פארבײַ, האָט זיך איר פארוואָלט א שמייכל טאָן. און זי אז זי טוט א שמייכל, איז עס פונקט ווי פּאַמירס. און געפרעגט האָט זי אים:

— צי האָסטו דאָ כאַווייריִם?

— דערווײַל ניט, — האָט ער געזאָגט.

— ס'איז ניט גוט, אז א מענטש זאָל זײַנ אַלײנ, — האָט מיט א ביבלישנ לאָשנ געזאָגט אָט דאָס ווײַט ניט־ביבלישע מיידל. — קומ אמאָל ארײַנ צו מיר, — האָט זי שוינ גאָר פראָסט געזאָגט, פארענ־דיקנדיק איר שמייכל אונ אָפּווישנדיק אימ מיט א נאָז־טיכל פונ פּאָנעמ.

זומער איז ער פונ די באראקעס אוועק ארבעטנ מיט א פנעוומא־טישנ עקבויער אפ לעכערנ דעמ ארצ־בארג, פונ דאָרטנ — אריבער אפ אָנפירנ מיט אנ עקסקאוואטער, האָט אײַנגעשלונגענ אסאכ ביכער וועגנ מעטאלורגיע, האָט אויסגעמעבלירט דעמ צימער מיט מעבל, מעבל אפ אויסצוצאָלנ אונ מעבל — פרעמיעס, וואָס ער האָט געקראָגנ אפ זײַנע פארשיידענע ארבעטנ, אונ ערשט ווינטער דערמאָנט זיכ, אז ער האָט צוגעזאָגט ארײַנגײנ צו נינע געראסימאָווע.

## 3

ס'פאלט דער הימל אפ דער ערד. א ווינטער־נאכט. א ווייכער. א מעטעליצע. ס'קלאפט אינ פענצטער. דאכט זיכ, עס קלאפט א פרײַנט. ניינ, עס קלאפט די מעטעליצע.

אײַזיק קארפ זיצט אפנ דיוואנ אונ קוקט אינ שפיגל ארײַנ. אינ שפיגל דערזעט ער זיכ — אונ ס'איז אומעטיק מיט זיכ אליינ, ווענ אפנ גאס איז א מעטעליצע. ווענ מיליאָנענ שטיקלעכ ווײַסקײַט נידערנ פונ הימל אונ פאו [illegible] הימל מיט דער ערד מיט אזא גרויסנ אָנגעלאפ, ווענ צווישנ הימל אונ ערד איז פארנומענ די גאנצע לופט אונ עס דרייט אונ עס וויכערט איינ גרויסע באוועגונג — איז ניט פריילעכ אנטקעגנ דעמ רויִקנ שפיגל. זעצט ער זיכ איבער אפ א ווייכנ שטול. זיצט ער אונ טראכט. אונ ס'איז שווער צו טראכטנ, ווענ אפנ גאס איז א מעטעליצע. די געדאנקענ שיטנ זיכ איבער אונ דרייענ זיכ אונ וויכערנ.

ס'קלאפט אינ פענצטער. דאכט זיכ, עס קלאפט א פרײַנט. ניינ,

עס קלאפּט די מעטעליצע. דער זייגער — א פּרעמיע — שלאָגט פּונקט אכט.

ס'קלאפּט ניט קיין פּריַינט. — אייגנטלעך — כאפּט ער זיך — האָט ער אפילע ניט קיין נאָענטן פּריַינט, ניט וויַיל דאָ זיַינען פּרעמדע מענטשן, נאָר וויַיל ער, דער גירריקער, האָט אלץ געיאָגט און געיאָגט, ווי א לויפער אף א סטאדיאָן. צי איז ער ניט איבערגעלאָפן דעם פּיניש און געלאָזן וויַיט הינטער זיך די מענטשן, וואָס אפלאָדירן אים?

דערמאָנט ער זיך אין די מיידלעך פון דעם שטעטל ביביטשקע. דערמאָנט ער זיך, אז ער האָט זיי פארגעסן, און מיט קיין אנדערע האָט ער זיך דאָ ניט באפריַינדעט. און ער .דערמאָנט זיך אָן שמייכלען, וועלכע ער איז פארביַיגעגאנגען, אָן בליקן, אף וועלכע ער האָט ניט געענטפערט.

און אפן גאס רוישט די מעטעליצע. פארוואָס קלאפּן זיי אויס, די דאָזיקע וויַיסע שנייעלעך, אף דער שווארצקיַיט פון פענצטער א טאקט פון איינזאמקיַיט, און פארוואָס וועקן זיי דערנאָך אן אומרויִקיַיט, א דראנג צו א רויש טאָן, צו פאנאנדערטרייסלען זיך, צו פארדרייט ווערן?

ער פארבענקט זיך נאָך א פריַינט.

אזוי האָט ער זיך פארבענקט אין דער מינוט פון זיַין שוואכקיַיט, וואָרעם מער האָט עס ניט געדויערט, ווי א מינוט. פאר אזא יאט איז איבערגענוג אזא רעגלאמענט. דער זייגער האָט טאקע געוויזן א מינוט נאָך אכט.

און ער דערמאָנט זיך אָן נינע געראסימאָווע, וואָס האָט איינמאָל אין א זומער־טאָג געשמייכלט צו אים, איידער די זון איז פארגאנגען. עפּעס אזוי האָט ער זיך דערמאָנט: זי האָט צו אים געשמייכלט פּונקט פאר זון־פארגאנג.

טוט ער זיך אָן און גייט, און נעמט א ביכל אונטערן אָרעם. צוליב וואָס איז דאָס ביכל? גלאט אזוי, א געוווינשאפט אזא.

נעבן די לאמטערנס דרייט זיך דער שניי־טאנץ, און יעדעס

שנייעלע איז באלויכטן פון אלע זייטן. ניטאָ בא זיי קיין שאָטן־זייט. פליט אָן א ווינט און וויל אופהייבן דעם שניי צוריק צום הימל. שווארצע פייגל לאָזן דריי־שטריכלדיקע צייכנס אפן ווייסן שניי.

נעבן לאמטערן דערזעט ער — דער גאנצער מאנטל איז באדעקט מיט אזעלכע העל־פינקלענדיקע, אויסערגעוויינלעך־שיינע קרישטאָלעכלעך, אזעלכע שיינע, אז, קוקנדיק אפ זיי, פארווילט זיך, אז די מינוט אָדער מיט א מינוט שפעטער, זאָל אפן הארצן ווערן זייער גוט.

און אָט איז דאָך פענצטער. נינע גראָסימאָוועס פענצטער. קלאפט ער אָן ציטעריק־באשיידן, און די דאָזיקע ציטעריקע קלעפ ווידערקאָלן בא אים אין הארצן.

כאָטש ער איז איינגעמיינ א דרייסטער יונג.

4

ער האָט פארמאכט די טיר און געלאָזן הינטער איר די מעטעליצע. דער צימער איז אָנגעפילט מיט מענטשן. אסאך פון זיי רויכערן. און איינער מיט א גרויסן פריילעכן געלן טשוב אפן קאָפּ טרייבט מיט א האנטעך ארויס דעם רויך פון צימער.

אבי ער האָט געמיינט, אז ער וועט זי טרעפן איינע אליין.

יאָ, ווי האָט עס אים געקאָנט איינפאלן. ער האָט איבער דעם פאוולוירן א שמייכל געטאָן. זי האָט אים ניט דערקאָנט — האָט זי זייער היימיש צו אים א שמייכל געגעבן, ער זאָל זיך אָן דעם ניט אָנשטויסן. זי האָט זייער היימיש א שמייכל געטאָן — דערפאר האָט ער זיך טייקעף אָנגעשטויסן. אָבער ביז וואָס־ווען האָט זי אים אָנגענומען פאר די אקסל און א ווענד געטאָן צו אירע פריינט:

— באקענט זיך!

כאָטש צו אזא צערעמאָניעלן אויפן פון באקענען זיך איז מען דאָ אין צימער קיינמאָל ניט אָנגעקומען.

ער האָט אָנגערופן זיין פאמיליע און דערלאנגט אלעמען די האנט. און ווי זי האָט דערהערט די פאמיליע, האָט זי זיך גלייך דערמאָנט.

און אָט דער, מיטן פריילעכן געלן טשוב אפן קאָפּ — אָט דער

4. עליע קאהאן.

נאטשאלניק פון א צעך — האָט ווײַטער גענומען דערציילן מיט היץ זײַנע פּלענער. ריידנדיק, איז אים אלץ געלעגן אין קאָפּ, אז מע דארף זען, אז דער נײַ־ארײַנגעקומענער זאָל זיך פילן גוט, און דערפאר האָט ער דערציילט פאר אלעמען זײַנע פּלענער, נאָר זײַן פּנים איז געווען געווענדעט צו קארפּן. ער האָט אים דאָ גלײַך איינגעבירגערט, ווײַל געדערט האָט ער הויפּטזאכלעך צו קארפּן, און די איבעריקע האָבן זיך נאָר צוגעהערט.

אלע האָבן זיך געהיצט, און קארפּ האָט מער געשוויגן. ער האָט אָבער ניט אויסגעזען איבעריק, ווײַל געשוויגן האָט ער אָנגענעם און זיכער. דער נאטשאלניק פון צעך פארטרויט אים זײַנע פּלענער, מעג ער זיצן, האָרכן און שווײַגן.

זיצט ער מיט זײַן שטילן, היימישן, ווילשטעטלדיקן פּאָנעם, מיט לויטערע אויגן, ווי מיט ריינעם בלויען ספּירט איבערגעוואשענע, און דערפאר האָט מען געשמייכלט צו אים. אז מע גיט א קוק אף אזא פּאָנעם, דוכט זיך, אז מע האָט זיך אויסגערוט אביסל. און די דאָזיקע מענטשן זײַנען זייער פאַרהאָרעוועטע.

און זי, נינע, דער סעקרעטאר פון קעמערל, איז אויך זייער א פאַרהאָרעוועטע.

רוימט זי אײַן דעם נאטשאלניק פונעם צעך אפן אויער:

א סימפּאטיש באָכערל.

און גיט צו העכער:

— אָבער מע דארף, אז די דעלעגאציע פון סטאלינסק זאָל גיכער קומען צו פאָרן.

שמייכלט ער, דער גרויסער געלער מאנספּארשוין, דער גוטער ארבעטער, וועלכער פארשטייט זייער אסאך זאכן אויסער זײַן ספּעציאליטעט.

פון די דאָזיקע מענטשן קאָן מען גאָרניט באהאלטן. די דאָזיקע רוישיקע, היציקע, אָפּטמאָל צעטראָגענע, ברוזנדיקע מענטשן איז א ווײַלע געפעלן געוואָרן זײַן אויסערלעכע שטילקייט, די רויִקייט,

וואָס האָט א ווײַטן געריך פון שטעטל, דאָס ביסל נאַיוואַקייט און קאפעלע באַשיידנקייט.

אין דער דאָזיקער רוישיקער פלאַמיקער שטאָט האָט עס שוין אויסגעזען ווי אביסל עקזאָטיש.

## 5

פרילינג, א פרייִקער פרילינג. מענטשן האָבן זיך שוין טאַקע צוגעוווינט צום פרילינג. ס'איז א יאָר־יערלעכע דערשײַנונג, און מע פארליבט זיך אין אלע פיר צײַטן פון יאָר, אין די גרויסע פרעסן אײַנשליסלעך.

אָבער אזא פרילינג איז נאָך קיינמאָל ניט געווען. די ביימער האָבן זיך אויסגעטערמיניק צעבליט. און ווארעמע ווינטעלעך, און דופטיקע נעכט. אלץ, וואָס דאָס הארץ גלוסט און צו וואָס די נעשאָמע גארט.

אומקערנדיק זיך פון דער ארבעט, זײַנען זיי געגאנגען, קארפ און געראסימאָווע, און וואָס? — און האָבן זיך געפילט, דארף מען רעכענען, גוט. די דאָזיקע צוויי מענטשן האָבן זיך געמוזט טרעפן, וואָרעם, קוק־דיק איינער אפן אנדערן, האָבן זיי ערשט געקאָנט באמערקן, ווי שנעל זיי וואקסן. אפ זיך אליין איז שווער צו באמערקן.

לעכאטכילע איז ער געוואָקסן אליין. ער געהער צו די שטארקע מענטשן־געוויקסן, וואָס רײַסן זיך אליין ארײַן מיט די וואָרצלען אין דער ערד און שטעלן זיך אוועק מיטן פּאָנעם צו דער זון.

אָבער איצט, אז מע העלפט אים, וועט ער געוויס זיך צעוואקסן. און די גערטנערן — נינע געראסימאָווע — איז זייער א טרײַע.

פרילינג. לאָמיר פארגעסן זײַנע דופטיקע ווינטעלעך, לאָמיר זיך ארויסשלאָגן פון קאָפּ זײַנע לופטיקע נעכט. אָן די דאָזיקע פליטערלעך איז ער געווען אויסערגעוויינלעך הערלעך, ווי — קיינמאָל — פרעכטיק:

אין איינעם א פרילינג־טאָג האָט די ראדיאָ געבראכט א ידיִע:

— די לעצטע זעקס טשעליוסקינצעס זײַנען אראָפּגענומען געוואָרן פון אײַז.

דאָס האָט אופגערודערט דאָס לאַנד פון קליין ביז גרויס און די דאָזיקע יעדיע האָבן זיי דאַן דערהערט פון דורכגייענ־דיקע כאַווייִרים. דאַן האָבן זיי דערפילט א גרויסע פרייד, און קעדיי כאָטש אביסל אויסלאָדן זי, האָבן זיי זיך צעקושט. זיי זיינען געגאַנגען אינמיטן גאַס, האָבן זיי ניט געוואָלט שטערן די גאַס־באַוועגונג, זיינען זיי ארופ אפן טראָטואַר און צעקושט זיך.

און פילנדיק נאָך אַלץ, אַז די פרייד גרעסערט זיך, און האָבנדיק גרויסע געראַמע הערצער, האָבן זיי זיך פארגינט, אַז זייער פרייד זאָל ווערן נאָך גרעסער. דאָס הארץ וועט אויסהאַלטן. ס'האָט זיך פאַרוואָלט, אַז אַלע פריידן, וואָס קאָנען געבן אין לעבן, אַלע טרוימען און פאַרלאַנגען, וואָס קאָנען פאַרווירקלעכט ווערן, — זאָלן שוין נעמען און פאַרווירקלעכט ווערן היינט — באַלד, שוין.

געראַסימאָוועס רויִק פּאָנעם איז געוועז אַזוי גליקלעך־רויט. אירע אויגן האָבן אויסגעשטראַלט גרינלעכע פרייד־פעדעמלעך, און דאָס מויל אירס האָט געזאָגט:

— לאָמיר היינט באַשטימען, אַז מיר ווערן מאַן און ווייב.

און בא אים האָט אינעווייניק גענומען שנעל אפּלאָדירן דאָס הארץ, כאָטש אינאַלגעמיין קלאַפּט עס בא אים זייער רעגלמעסיק.

## 6

ער האָט א פּאָר טעג געוואַרט, אַז זי זאָל קומען. געקויפט אַן אַש־טעצעלע — עפשער רויכערט זי. זי איז געקומען. ניין, זי רויכערט ניט. מע דאַרף זיך ערנסט דורכריידן. און זיי האָבן זיך ערנסט דורכגערעדט. און זיינ רויִק פּאָנעם איז דאָסמאָל געווען אומרויִק. און איר אומרויִק פּאָנעם איז דאָסמאָל געווען רויִק. נאָר ניט קיין צוויי אומרויִקע פּענעמער פאַראַמאָל. נאָר אָן פּאַניק!

— עפשער וועלן מיר צוואַרטן, — האָט זי געזאָגט, — מיר זיינען יונג. — דערביי האָבן זיי א שמייכל געטאָן. וואָרעם גענומען

ריידן האָט זי לעכאטכילע מיט א קאָל, וואָס איז אפ א פּאָר יאָר עלטער פאר איר, ס'זאָל זיך באקומען וואָגיקער, זײַן פּאָנעם זאָל רויִקער ווערן. אן אווײַרע זײַן פּאָנעם.

— יענער פרילינג־טאָג, — האָט זי געזאָגט, — האָט אונדז דער־נעענטערט, ווי א יאָר לעבן, אָבער מע דארף זיך ניט אײַלן. פארוואָס לויפט בא דיר דער זייגער?

ער האָט איבערגעשטעלט די ווײַזערס פון זייגער.

— אייגנטלעך, — האָט זי געזאָגט, — קאָנען מיר נאָך ווייניק איינער דעם אנדערן. איך רויכער ניט, דו רויכערסט אויך ניט. פארוואָס האָסטו געקויפט אן אש־טעצעלע?..

ער האָט אראָפּגענומען דאָס אש־טעצעלע פון טיש.

— אונ צוריק גערעדט, — האָט זי געזאָגט, — פארוואָס שווײַגסטו, ווען איך רעד צו דיר? א צײַט איז עס מיר געפעלן געווען, אָבער איצטער ווילט זיך שוין מיר הערן עפּעס פון דיר.

ער האָט געשמייכלט און געשוויגן.

— איך ווייס, האָט זי געזאָגט, אז דו ביסט א ווילער, איך ווייס, אז דו ביסט א גוטער. און ס'טראָגט פון דיר מיט א ווײַטן גערוך פון שטעטל, און אביסל נאַיִוקײַט, און א קאפּעלע באשיידנקײַט. נאָר ס'קאָן זײַן, אז מע דארף עס ניט. זיכער, מע דארף עס ניט.

דאָ האָט ער זיכער געזאָגט:

— יאָ, מע דארף עס ניט.

דערנאָך האָבן זיי געטרונקען טיי. זי האָט געשוויגן, און ער האָט גערעדט. וועגן דעם, אז אָט ווערט ער אן עלטסטער ארבעטער בא דער דאָמנע. אלע לענינס ווערק, וואָס ער פארמאָגט, איז עס א פּרעמיע. זאָל זי וואָס אָפּטער ארײַנקומען. די מעג איז ער ארויס־געטראָטן אפ דער פּראָדוציר־בעראטונג. ניט מיין, אז דאָס מויל איז בא אים טאקע פארשטוקאטורעוועט. צי האָט ער גערעדט? פארשטייט זיך, גערעדט. מיינסט טאקע.

## 7

א גאנצן זומער האָט זי געוואַרט אַפּ אים.

פאַרן זומער האָט ער אַסאַך, אַסאַך געהאָרעוועט און איז געוואָרן נעגליכן צו די פּילע, אין איינע יאָרן מיט אים, וואָס שפּרינגען קעסיידער ארויס פון זייער הויט — און אַפּ פּאַטאַ־קאַרטלעך באַקומען זיי זיך יעדערע צוויי וואָכן אַנדערש, און אופשטייענדיק אינדערפרי, זיינען זיי שוין אַביסל אַנדערש, ווי אינאָוונט, און ליגנדיק זיך שלאָפן באַנאַכט שטייען זיי אויף אַביסל געענדערטע אינדערפרי.

און פון טאָג צו טאָג ווערן זיי אַלץ מער באַרוישט, אַלץ מער צעברויזט, און ס'נעמט דוכטן, אַז זיי טראָגן צו עטלעכע לעבנס אין זיך.

סאָפּ זומער איז ער געקומען צו איר א רוישיקער, א היציקער, א ברויזנדער, אָן דעם ווייטן געערוך פון שטעטל, אָן דעם ביסעלע נאַיווקייט, נאָר ס'איז געבליבן א קאַפּעלע שטאָלצע באַשיידנקייט.

וואָרעם ער האָט איר באַשיידן און דאָך מיט שטאָלצקייט אָנגע־זאָגט די נייעס:

איך בין באַשטימט געוואָרן פאַר א גאָרנאָווי פון דער נייער קאָמיוגישער דאָמנע.

ניט טראַכטנדיק אַפּילע וועגן דעם, האָבן זיי זיך באַלד דערזען אַרומגענומען. און עפּשער האָבן זיי אין דער היסער מינוט צעקושט זיך אויך.

און פילנדיק נאָך אַלץ, אַז די פרייד גרעסערט זיך, און האָבנדיק גרויסע, געראַמע הערצער, האָבן זיי זיך פאַרגינט, אַז זייער פרייד זאָל ווערן נאָך גרעסער. דאָס האַרץ וועט אויסהאַלטן. ס'האָט זיך פאַרוואָלט, אַז אַלע פריידן, וואָס קאָנען געבן אין לעבן, אַלע טרוימען און פאַרלאַנגען, וואָס קאָנען פאַרווירקלעכט ווערן, זאָלן שוין געשען און פאַרווירקלעכט ווערן. הייַנט. די מינוט.

נאָר דערפילנדיק, אַז עפּעס כאַזערט זיך ווידער איבער בא זיי א געשעעניש, א שטימונג, וואָס האָט שוין איינמאָל פּאַסירט, און

ניט וועלנדיק איבערכאַזערן זיך, האָט ער פאַרקוועטשט דאָס מויל, און ס'איז דאָרט דערוויַיל געבליבן פאַרשלאָסן די פראַזע:

— לאָמיר היַינט באַשטימען, אַז מיר ווערן מאַן און וויַיב.

די שוין איינמאָל אַרויסגעבראַכטע פראַזע.

און זי האָט אַ גאַנצן זומער אַף אים געוואַרט.

ווען זי וואַרטן נאָך אַביסל. וואָס עס דאַרף געשען, געשעט דאָך, געוויינלעך.

## 8

און אַז עס טרעפט אַ יאָנטעוו, אַז עס ווערט געלאָזן אין גאַנג אַ ניַיע דאַמבע, אַז עס ווערט געעפנט אַ ניַיע קאָקס-כעמישע באַטאַרייע, אַז עס קומט אָן אַ בליומינג. פאַרזאַמלען זיך אַלע מעטאַלורגן און פאָרן אַרויס אין די בערג אַף דער פריַיער לופט פיַיערן זייער יאָנטעוו, און עס ווערן פּרעמירט אַלע שלאַגלער, וואָס האָבן היים און איַינגעשפּאַרט געאַרבעט. און פאַר דער יוגנט בליַיבט עס, ווי אַ בליִענדיקער טרוים אַף וויַיטער, און פאַר די אַלטע — ווי אַ העלע דערינערונג אַף דערציילן זייערע אייניקלעך, די פּיאָנערן.

עס שפּילן די אָרקעסטרען, און עס גלאַנצט זייער מעש אנטקעגן דער זון. און די יוגנט פאַרוועט זיך אין לויפן, און עס גלאַנצט דער בראָנדז פון זייער ליַיב אַנטקעגן דער זון.

אַף אַן איַינגעוואַלגערטן בוים זיצט אָט דער, וואָס זיַין געלער קאָפּ האָר ברענט אַנטקעגן דער זון דער נאַטשאַלניק פון צעך, און נעבן אים זיצט דער סעקרעטאַר פון דער צעכאָווער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע. קוקן זיי אַפן גאַנצן גלאַנץ, וואָס שעמערירט פאַר זייערע אויגן.

און דערנאָך פאַלט איַין דעם נאַטשאַלניק אַ זאָג צו טאָן:

— איר זעט אָן געראַסימאָווען מיט קאַרפּן?.. אַ שיינע פּאָר?

אַף וואָס דער סעקרעטאַר שאָקלט צו מיטן קאָפּ.

און דערנאָך פאַלט איַין דעם נאַטשאַלניק פון צעך צורופן זיי און אַ זאָג טאָן:

איר ווייסט, פון איַיך וואָלט געווען אַ שיינע פּאָר.

שמייכלען זיי. און דער בראָנדז פון פּאָנעם ווערט נאָך מער אָנגעצונדן. און דערנאָך פאַלט זיי איין צו דערלאַנגען איינער דעם צווייטן די האַנט, טאַקע קאַרפּן מיט געראַסימאָוועם, פאַלט זיי טאַקע איין שטאַרק אַ דריק צו טאָן זיך די הענט.

און כאָטש גאָרניט איז ניט געזאָגט געוואָרן דערביי, האָבן דאָך די צוויי עלטערע כאַווירים געפונען פאַר זייער כוואַליע צוגעוויינען צום וועלדל, ווו עס וואַקסן בלימעלעך, אָנרייסן אַ בוקעט און דערלאַנגען געראַסימאָוועם און קאַרפּן.

און נאָך אַסאַך האָבן דערזען, אַז מע רייסט בלומען און מע טראָגט צו געראַסימאָוועם מיט קאַרפּן, האָבן זיי נאָכגעטאָן אַט דעם ביישפּיל. אַף אַ שפּיץ בערגל זיינען זיי געזעסן, קאַרפּ מיט געראַסי־מאָוועם, באַשאָטן מיט בלומען באַלד ביזן האַלדז, ביזן שמייכל, וואָס אַפן פּאָנעם.

אַזויפיל פריינט האָבן געטאַנצט אַף זייער כאַסענע. פון דעם אַליין קאָן שוין פריילעך זיין אַפן גאַנצן לעבן.

וואָס עס ווערט געווונטשן אונדז אַלעמען, ליבע כאַווירים

1934.

# דרײַ טרעפּלעך

זאָלט איר וויסן זײַן, אז די דאָזיקע שטאָט ברענט, ווי א פיבער־כאָלעם, ווי א וואלד־סרייפע, ווי די וועלט פונעם גריכ העראקליט, וואָס האָט געהאלטן, אז אינ גרונט פונ אלצ ליגט פײַער.

זאָלט איר וויסן זײַן, אז בא די מענטשנ פונ דער דאָזיקער שטאָט ברענט אנ אינערלעכ פײַער, וואָס העלפט זיי צעלאָזנ שטאָל, צעברעקלען דעם ארצ־בארג.

אונ אויב מיר וועלנ נעמענ נאָר איינ מענטשנ פונ דער דאָזיקער שטאָט לאָמיר זאָגנ, דוניע דאָנסקאיא, א לאָקאָמאָטיוו־מאשיניסטנ, איז זי צוגעברוינט ניט נאָר פונ דער פאליענדיקער אָנהייב-אזיאטישער זונ. ס'דוכט, אז איר צוגעברוינטקײַט איז א זוניק-עלעקטרישע, אויכ די פראָזשעקטאָרס האָבנ מיט עלעקטרע־שײַנ אמאלגאמירט – איר פאָנעם.

אונ שאצנ, דעם עקסקאוואטערשטשיק, פלעגט זיכ די ערשטע צײַט דוכטנ, אז עס ברענט דער באראק, ווו ער וווינט. דאָס האָבנ די דאָמנעס אונטערגעצונדנ דעם הימל.

אָבער די דאָזיקע שטאָט פונ פײַערדיקע גוס-אויוונס ווערט פונ צײַט צו צײַט אָפגעקילט אונ אָפגעשווענקט דורכ מעכטיקע גוס־רעגנס, ווי אפ אָפקילנ דעם פלאמיקנ ברענ.

אינ אזא רעגנ־טאָג איז שאצנ עפעס שווער ארופהייבנ זיכ אפנ ארצ־בארג, ווי צומ ערשטנ מאָל, ווענ ער האָט זיכ אופגעהויבנ אונ האָט זיכ פיר מאָל אנטוישט גייענדיק. דער בארג באשטייט פונ פינפ טעראסנ, אונ פונ אונטנ זעט זיכ נאָר די ערשטע. קוימ דערגאנגענ צו דער ערשטער טעראסע. דער בארג, ווײַזט זיכ ארויס, הייבט זיכ העכער.

צווייטע טעראסע. דער בארג הייבט זיך העכער.

דריטע טעראסע.

פערטע טעראסע.

עטוואָס מיד זעצט ער זיך אַרײַן אין קאבינע פון עקסקאוואטער. אָבער ווי נאָר דער קויש מיט זײַנע אײַזערנע פינגער גראָבט זיך אײַן אין דער ערד, ווי נאָר ער דערפילט, אז ער זיצט אין קאבינע און וואלגערט אײַן א מעכטיקן בארג — דערפילט ער זיך לײַכטער.

און ווען ער דערזעט, אז עס פאָרט דוניע מיט איר לאָקאָמאָטיוו, ווערט אים ווידער אביסל לײַכטער. ער האָט איר עטוואָס צו זאָגן, דוניען, מע דארף צונויפרופן א פארזאמלונג פון בארג און באַהאנדלען דעם דורכרײַס אין ארויסבאקום, וואָס עס ווערט צוליב דעם רעגן.

אָפּגעזאָגט און בלײַבט שטיין, ווי מע וואָלט אים איבערגעריסן אינמיטן דער פראזע.

— עפשער ווילסטו מיר נאָך עפעס זאָגן? זאָגט זי אָפּ אזוי קונציק, אז ס'איז ניט צו פארשטיין, וואָס זי מיינט, צי מיינט זי ניט אסאך מער, ווי זי מיינט.

— ניין, — זאָגט ער און גיט זיך א צו האסטיקן קער אָפּ אוועק. און דאָס גיט דאָך אים, אייגנטלעך, אביסל ארויס. וועלכע מענטשן בלײַבן עס שטיין, ווי ניט דערעדטע, און גיבן דערנאָך א צו האסטיקן קער אָפּ אוועקגיין? נע ווייס, מע ווייס. ניט איצט איז די צײַט. ניט דאָ איז דאָס אָרט. די פנעוומאטישע עקבויערער עסן זיך אײַן און לעכערן דעם בארג — די אמאָנאל־אופרײַסן צעטרייסלען אים, די עקסקאוואטערן צענעמען אים, די באנען צעפירן אים — לאָמיר נאָר ניט טראכטן וועגן זײַטיקע זאכן.

אָבער עס שווימט ווידער אָן דער רויך פון דוניעס לאָקאָמאָטיוו, האַרט נעבן עקסקאוואטער פארהילט ער דעם ארום אין א ליכטיקן נעפּל, און אַלץ ארום נעמט אויסזען נעפּלדיק, האַלב־רעאַל, קינאָאַרטיק. דער נעפּל ענדערט דעם פּלאץ און צווינגט א טראכט טאָן, אז אין אזא ליכט־אומגעבונג האָסטו זיך שוין אמאָל געפונען נאָר

וועג, הארגע מיך, ווייס איך ניט, און דאַן איז אויך געווען עפּעס אַן אײנמאָליקע, אַפּ איינ מינוט־געגעבענע שטימונג אַפּנ הארצנ.

אָט דאַנ פליט עפּעס דורך ניט ווילנדיק אינ מויעך די שנעלע האסטיקע פראזע:

— עפּשער ווילסטו מיר נאָך עפּעס זאָגנ?

און ווידעראמאָל:

— עפּשער ווילסטו מיר נאָך עפּעס זאָגנ?

אסאך מאָל. דאָס דארפ מענ עטלעכע זײַטלעך פארשרײַבנ מיט דער דאָזיקער פראזע.

אינ ליכט־נעפּל רוקט זיך ארײַנ די פיגור פונ קורצינקנ בארג־אינזשעניער, און א לאנגער שאָטנ ציט זיך אימ נאָך, וואָס גיט אימ צו אינ דער נאכט גרויסקײַט.

— כאווער שאצ, זאָגט ער, בא אכמעטאָווג האָט דער רעגנ הײַנט אראָפּגעריסנ דעמ דאך פונ שטוב. ער וועט ניט קאָנענ קומענ פארבײַטנ אײַך. אגעוו, דארפ מענ אָניאָגנ. דער רעגנ האָט פארלאנג־זאמט דעמ טעמפּ. אַפּ אײַך פארלאָז איך זיך.

און פארשווינדט, ניט דערווארטנדיק זיך אַפּ אַנ ענטפער. ער איז קאָנטיק, זיכער, אז שאצ וועט זיך ניט אָפּזאָגנ.

— „אַפּ אײַך פארלאָז איך זיך". אזוי זיכער האָט ער עס געזאָגט. יאָ, אויך א ווילע, אָנגענעמע פראזע. עפּשער וועט זי פארטרײַבנ יענע זיס־שטעכנדיקע, רייצנדיקע, אָבער אײַנגעגעסענע פראזע?

און ווידער באווײַזט זיך דיניעס לאָקאָמאָטיוו. באווײַזט זיך און ווערט ניט. באווײַזט זיך און ווערט ניט, ווי א רייצ־בילד. דאָס פארשיידנארטיקט פאר אימ זײַנ ארבעט אָט אזוי קאָנ מענ ארבעטנ אינ ארבעטנ, צעוואלגערנ בערג. מע וועט זיך אמאָל עפּשער דערטראכטנ צו דעמ, אז אַפּ העכערנ די פּראָדוקטיווקײַט פונ דער ארבעט וואָלט מענ געדארפט פארליבטע פּאָרנ אוועקשטעלנ בא די וויארשטאטנ איינס אנטקעגנ אנדערנ. און עפּשער אנדערע מענטשנ מיט אנדערע כאראקטערנ קענ עס שטערנ. ווער ווייס. מיר פאראל־געמיינערנ ניט.

ער דערפילט זיך באזונדערס גוט, ווען זי זאָגט אים אָן:

— איך, שאַץ, וועל אויך אַרבעטן נאָך א וואכטע. מע דאַרף אַניאָגן.

איר לאַקאָמאָטיוו גייט אָפּ, און ס'בלײַבט אין קאָפּ נאָר די פּראַזע:

— עפּשער ווילסטו מיר נאָך עפּעס זאָגן?

דאַן באַשטימט ער:

— געגוג. הײַנט רייד איך זיך דורך מיט איר.

עס רוקט זיך אָן די צווייטע וואכטע. יעדע אַדורכגעלעבטע סעקונדע פאַרעגיסטרירט זיך... עפּעס באַזונדער אין קאָפּ. מיר שלאָפן ניט די נאכט... האָבן מיר אַרײַנגעכאַפּט אַן איבעריקן אויסערטערמיניקן שטיק לעבן, געוווּנענע מינוטן. אַז מע אַרבעט אין דער צײַט, ווען מע דאַרף געוויינלעך שלאָפן, טראַכטן זיך ניט די שטענדיקע סטאַבילע, טאָגיקע געדאַנקען, עס טראַכטן זיך באַזונדערע העל-נאַכטישע געדאַנקען, אַזעלכע אופגעוואַכטע כאַלוימעס.

...ס'וועלן דורכגיין יאָרן, פיערדיקע יאָרן, ווי אונדזער שטאָט און פון דעם באַרג וועט גאָרנישט בלײַבן. אַף דעם אָרט וועלן מיר ענדערן דעם אויסזען פון ערד-קײַלעך, פאַרקײַלעכן אים, און אונדזערע ליכטיקע קינדער וועלן זיך דאָ שפּילן אין זאַמד.

אָט די טרוימען ברענגט אַהער דער ליכטיקער נעפּל-קנויל פון דוניעס לאָקאָמאָטיוו דאָס זאַפּט זיך אײַן דער ליכטיק-געלבלעכער נעפּל אין די שוואַרצאַפּל פון די אויגן.

גוט. ס'איז אַוועק אַ לײַכטערער אַרץ-שיכט, אַ ווייכער. די אַנלאָדונג גייט שנעלער. דער דורכרײַס ווערט אָט-אָט ליקווידירט. און אָט-אָט פאָרן זיי באַלד אַהיים. זיי וואַרטן אַפן לאַסט-אווטאָמאָביל, וואָס וועט זיי אָפּפירן. און דער רעגן האָט שוין לאַנג אופגעהערט.

אַנאַזײַט פון אַלעמען זיצן זיי אַף אַ באַרג קלעצער און וואַרטן. ער פילט זיך עפּעס זייער אומגעוויינלעך. אָנשטאָט אַ שטאַרקער מידקײַט, פילט ער גאָר אַ מאָדנע גרינגקײַט אין קערפּער ווי ער וואָלט אַף אַסאַך לײַכטער געוואָרן. אַזאַ פּאַראַדאָקס, אַזאַ עמפּפינדונג-

פלאָנטער טרעפט אָפט נאָך א שלאָפלאָזער נאכט, נאָך אַן איבער־געמידטקייט. מאָדנע לייכט, אז אים דוכט זיך, אז ער איז געוואָרן אזש דורכזיכטיק  און אז מע זאָל זיך גוט צוקוקן, וואָלט זיך עפשער געזען, ווי דאָס רויטע בלוט טריפט אין די בלויע קאנאלן פון זיינע אָדערן, ווי די געדאנקענע פלאָנטערן זיך אין די לאבירינטלעך פון מויעך.

די נאכט איז שטיל. די פייערן שרייען ניט, ווי פריער, זיי זיינען אויך ווי פארהייטלט געוואָרן דורך א לייכטן דרימל. שטיל. עס איז איצט גוט צו ריידן  יעדעס וואָרט גייט איצט ארויס אזוי דייטלעך און אויסגעגאָסן, ווי געדרוקטע ווערטער פון א נייעם שריפט גייען ארויס אפן פאפיר. און זייער אָפקלאנג הערט זיך אין אייגענעם הארצן, אין אייגענעם קערפער, אזוווי זיי וואָלטן אביסל צוגעברומט נאָכן אויסריידן זיי, ווי מוזיקאלע טענער. און ער רעדט, ער רעדט וועגן דעם, אז ווען אלע מעטאלורגן שטעלן זיך איצט אויף אפן ליכטיקן בארג  וואָלט ער גערעדט פאר זיי און גערעדט.

און וועגן דעם, אז ס'איז אים איצטער גוט, רעדט ער. ווי־אזוי גוט, צו דעם האָט ער ניט קיין פארגלייכונג. ער ווייסט געפינען. אָ, ווי ער וואָלט זיך נאָרוואָך אויסגעבאָדן אין א דופטיקן טייך. אים איז זייער גוט  אז ער איז גרייט איצטער אראָפריידן אלץ פון הארצן.

ער ווייס ניט, פונוואנען נעמט זיך בא אים איצטער אזא גרויסער דראנג צו ריידן, ווען ער איז אזוי שטיל צוגעטרייעט צו זיין בריטן, אפ איינווארעמען זיך.

און פלוצים דיכט זיך אים אויס, ווי א גרייסע מאסע מעטאלורגן וואָלטן טאקע געשטאנען אפן ליכטיקן בארג און געוואָרפן אים רעפליקעס  ווי דאָס הויפט זיך  פון די ערטער:

קאָנקרעטער! קאָנקרעטער!

ער דערפילט, אז ער מאָבילוזירט צופיל ווערטער אפ זאָגן איר, סאָפּקאָלסאָפּ, א פּאָשעטע, גאָר פּאָשעטע זאך. עפעס דערציילט ער איר גאָר א מייסע וועגן א פארליבטער פּאָר, וואָס ער האָט

אמאָל באַגעגנט, ווען די געליבטע האָט אפּן פאַרשלאָג פֿון איר יאָט צו גיין אין זאַגס געענטפֿערט: „וואַרט נאָר צו, סײַערדינקער, אביסל, בירגן אפּריער נאָך ענדיקן אויסבויען די שטאָט" — און גייט דערנאָך איבער פּאַטעטיש צו דעם, אַז אַפּ אויסבויען אונדזער אייגן היימיש שטיקל גליק — איז ווייניק נאָר אויסלייגן פֿאַר זיך אַ נעסטל, שאַפֿן זיך אַן אייגענעם ווינקל, אַפּ דעם דאַרף מען זיך אַפּריער אויסבויען הײַזער, גאַנצענע שטעט, מיט פּאַרקן און מיט זאַוואָדן, וואָס זעען אויס, ווי פּאַרקן, מיט טעאַטערן און פּלאַנעטאַריעס אַפּ לוסטיק-פֿריילעך לעבן, און מיט קרעמאַטאָריעס אַפּ רויִק-זאַכלעך שטאַרבן...

אָ, מאַכנעס מעטאַלורגן שטייען, דאַכט זיך, אַפּ די בערג מיט האַמערס און גראָב־אײַזנס אין די הענט און שרײַען מיט מעכטיקע קולעס:

— קאָנקרעטער! קאָנקרעטער!

און ער גיט זיך אַ קלער:

— וואָס איז עס פֿאַר אַ מיטינג אַפּ דערקלערן זיך אין ליבע? עפּעס אַזוי אײַנגעוווינט זיך צו די רעדעס, אַז מע קאָן פֿון זיי ניט אַרויסקריכן.

און ער זאָגט קאָנקרעט אָפּ:

— דוניע, איך האָב דיך ליב.

זי שווײַגט, דוניע.

ער טוט איר אַ קוק אין פּאָנעם אַרײַן. זי שלאָפֿט, דוניע, זי שלאָפֿט אַן אָנגעהאָרעוועטע נאָך צוויי וואָכטעס אַרבעט, שלאָפֿט רויִק, ווי אַ קינד, ווי באַ זיך אין ווײַנגאָרטן.

און אַלץ, וואָס ער האָט אַזוי פֿײַערדיק גערעדט, האָט ער, ווײַזט זיך אַרויס, אַפּן ווינט גערעדט, צו דער לעוואָנע, צו די שטערן, און דוניע האָט ניט געהערט, אַ וואָרט ניט געהערט.

פֿאַרשטייט זיך, אַז אין אַזאַ פֿאַל דערפֿילט מען זיך נאַריש. ניט אַזוי נאַריש ווי אָפּגעשמיסן. ווי אויסגעפּײַפֿט.

גוט, וואָס עס איז אָנגעגאַנגען דער אווטאָבוס און פֿירט זיי אַפּ אַהיים.

אסאכ פײַערנ האָט שוינ די שטאָט אויסגעלאָשנ — אָבער אײַנ שײַנט א לעוואָנע מיט אזא געלער שײַנ, עפּעס א געלער ליבע-גאַז פארסאמט זיס די לופט.

אונ אָט איז דאָס גאנעקל נעבנ איר קאַליטקע, ווו זײ פלעגנ זיכ שטענדיק אָפּשטעלנ רײדנ — ווײַל ס'איז דאָ אזא ניט-געשריבענער געזעצ, אז א פארליבטע פּאָר מוז האָבנ א באשטענדיקנ שטײ-אָרט אפ אָפּרײדנ זײערזיקס.

אונ אָט זײַנענ די דרײַ טרעפּלעכ פונ איר הויז.

אונ אומגעריכט טרעט ער אריבער די דרײַ טרעפּלעכ אונ גיט אנ עפנ איר טיר...!

וואָס איז ער עפּעס אריבער די דרײַ טרעפּלעכ? וואָס, פרעגט זיכ, איז ער עפּעס אריבער די דרײַ טרעפּלעכ?

ער האָט זיכ שוינ טאקע אויסגערעדט, אינערלעכ זיכ צוגעגרײט צו דעם, אָבער זי האָט דאָכ גאָרנישט ניט געהערט, א וואָרט ניט געהערט. וואָס איז ער עפּעס אריבער די דרײַ טרעפּלעכ?

אָט דאָס גיט פּלוצים א שפּאר אָנ אינ קאָפּ — אונ, האלטנדיק זיכ פאר דער קליאמקע פונ טיר, טוט ער א קוק אפ איר אזוי שולדיק-פארלוירנ.

אונ זי טוט א קוק אפ אים מיט אזא מאָמענטאלנ, אלצ פארשטײענדיקנ קוק. כ'האָב אלצ פארשטאנענ באדײַט עס — אָנ ווערטער פארשטאנענ, מע דארפ ניט — באדײַט עס — קײנ ווערטער.

1934.

# א לעבעדיק געזינדל

(שיר ניט אן עמעס געשיכטע)

דער טאטע הייסט זיאמע, און די מאמע הייסט זלאטע. אז די קינדער ווילן זינגען, דרייען זיי איבער די נעמען, און עס גייט בא זיי ארויס פונקט פארקערט:

טאטע זיאמע
מאמע זלאטע
טאטע זלאטע
מאמע זיאמע.

און די קינדער טראכטן, אז די מאמע וואָלט גאָר געדארפט הייסן זיאמע, וואָרעמ זי איז דער גאנצער טאטע אין שטוב. ערשטנס, טראָגט גאָר די מאמע דיברילן, און צווייטנס מוזן זי אלע פאָלגן. אפילע דער טאטע מוז זי פאָלגן. דער טאטע האָט זיך אין קאָפּ זיין דערפינדונג. ער ארבעט אפ א פאבריק פון שפילעכלעך, ווייל ער אויסטראכטן א ליאלקע, וואָס זאָל גיין, ווי א מענטש. עסנדיק, גיסט זיך בא אימ אויס דער זופּ פון לעפל, ווייל ער טראכט וועגן זיין ליאלקע. באנאכט רעדט ער פון שלאָף, ווייל עס כאָלעמט זיך אימ זיין ליאלקע. אז ער גייט אהיימ, פארבלאָנדזשעט ער אזש אפ דער צענטער גאס, ווייל ער טראכט פון זיין ליאלקע. ער האָט איינמאָל אריינגעשאָטן דעמ טאבאק אין טשייניק, און די טיי אָנגעשטאָפּט אין ליולקע ווייל ער האלט אין איין טראכטן וועגן זיין ליאלקע. אזא איז דער טאטע. די האָר האלטן זיך בא אימ ניט אפן קאָפּ פון אסאך טראכטן. די מאמע זאָגט, אז אויב ער וועט אזוי טראכטן נאָך א פּאָר כאָדאָשימ, וועלן די געדאנקען נעמען שפּארן בא אימ פון נאָז, פון די פּיאטעס און פון די קעשענעס.

די מאמע וויל ניט, ער זאָל אזויפיל טראכטן. א פארטראכטער מענטש קען קיין שלאָגלער ניט זײַן — זאָגט זי. אסאך ארבעטער האָט מען פרעמירט צום ערשטן מײַ, און דעם טאטן ניט, ווײַל קיינער ווייסט ניט, וועגן וואָס ער טראכט. וואָלט מען כאָטש געוווסט, אז ער טראכט וועגן א גייענדיקער ליאלקע, וואָלט מען אים געוויס פרעמירט. ווייסט אָבער קיינער ניט.

די מאמע האלט שטענדיק אין איין ריידן וועגן טאטן:

— אז א מענטש זאָל שטענדיק האלטן אין איין טראכטן און טראכטן, טראכטן און טראכטן, טראכטן און טראכטן.

און אזוי פארטומלט זי די גאנצע שטוב, ווײַל, אזוי ריידנדיק וועגן טראכטן־טראכטן, דוכט זיך, אז זי שיסט מיטן מויל:

— טראכט־טאך־טאך, טראכט־טאך-טאך.

די מאמע האלט ניט שטארק פון טאטן, דערפאר ווײַל ער האלט שטענדיק אין איין טראכטן־טראכטן. די עלטערע שוועסטער ניוניע האלט ניט שטארק פון דער מאמען, דערפאר וואָס זי האלט ניט פון טאטן, ווײַל זי האלט אין איין טראך־טראך. דער מיטעלער ברודער סיאָמע האלט ניט פון דער עלטערער שוועסטער, דערפאר וואָס זי האלט ניט שטארק פון דער מאמען — ער האלט, אז די מאמע איז גערעכט. דאָס קליינע שוועסטערל מײַע האלט ניט פונעם מיטעלן ברודער, דערפאר ווײַל ער האלט ניט פון דער עלטערער שוועסטער.

הערט ניט די מאמע, וואָס דער טאטע רעדט, הערט ניט די עלטערע שוועסטער, וואָס די מאמע רעדט, הערט ניט דער מיטעלער ברודער, וואָס די עלטערע שוועסטער רעדט, הערט ניט דאָס קליינע שוועסטערל, וואָס דער מיטעלער ברודער רעדט. פאָלגט ניט די ליאלקע די קליינע שוועסטער מײַעטשקען. מײַעטשקע וויל, אז זי זאָל גיין, די ליאלקע, און די ליאלקע וויל ניט גיין. וויינט זי דערפאר, מײַעטשקע.

זאָגט דער טאטע:

— וויין ניט, מײַעטשקע, איך וועל אינגיכן אויסטראכטן אזא ליאלקע, וואָס וועט גיין ווי א מענטש, און די אויגן וועט זי עפענען

און פֿאַרמאַכן, און זי וועט זײַן די שענסטע פֿון אַלע ליאַלקעס אַף דער וועלט, פֿון אַלע ליאַלקעס, וואָס זײַנען געווען אין פֿאַרשיידענע צײַטן און לענדער.

זאָגט די מאַמע:

דו וועסט פֿינף פּאָר שיך צערײַסן, איידער דו וועסט מאַכן אַזאַ ליאַלקע. גיכער וועט זיך דער הימל אַוועקלייגן אַף דער ערד, איידער דו וועסט מאַכן אַזאַ ליאַלקע. טאַנצט דער א בעזעם, קרייט דער א קאָטשערע, רירט זיך די וואַנט?.. אָט אַזוי וועט זיך רירן דײַן ליאַלקע. טראַכסט און טראַכסט, טראַכסט און טראַכסט, טראַכסט און טראַכסט.

זאָגט די עלטערע שוועסטער:

מאַמע, דו האָסט שוין אָנגעהויבן טראַך־טראַך־טראַך? אַז דער טאַטע טראַכט אַזויפֿיל, וועט ער עס יאָ מאַכן.

זאָגט דער מיטעלער ברודער:

הייבט זיך שוין אָן טראַך־טראַך־טראַך. אַז די מאַמע זאָגט, אַז דער טאַטע וועט ניט מאַכן, וועט ער עס ניט מאַכן.

זאָגט די יינגערע שוועסטער:

טראַך־טראַך! דער טאַטע וועט יאָ מאַכן, אַז די ליאַלקע זאָל יאָ גיין. איר הערט, איך וויל, אַז די ליאַלקע זאָל גיין, אַז די ליאַלקע זאָל גיין, וויל איך. גיין זאָל, וויל איך, די ליאַלקע.

און די ליאַלקע שווײַגט. רירט זיך ניט פֿון אָרט. פֿאָלגט ניט.

און מײַעטשקע וויינט זיך פֿאַנאַנדער.

נעמט די מאַמע זינגען א ליד, אַז מײַעטשקע זאָל ניט וויינען. אַז די מאַמע זינגט, דוכט זיך, אַז אַלע פֿייגעלעך פֿון הימל זינגען. אַז די מאַמע זינגט, ווערט ליכטיק אין אַלע ווינקעלעך. אַז די מאַמע זינגט, ווערן בא אַלעמען אַזעלכע גוטע הערצער, און די מאַמע קוקט דאַן מיט גוטע אויגן אַפֿן טאַטן, די גרעסערע שוועסטער מיט גוטע אויגן אַף דער מאַמען, דער ברודער אַף דער שוועסטער, מײַעטשקע אַפֿן ברודער, די ליאַלקע אַף מײַעטשקען.

אַז זי ענדיקט זינגען, זאָגט דער טאַטע צו דער מאַמען:

— דו זינגסט אזוי גוט, אז עס כאפט אָן באַם הארצן. דו וואָלסט געדארפט אָנקומען אהין, ווו מע זינגט, אין קאָנסערוואטאָריע, וואָלט פון דיר ארויס א גרויסע זינגערקע, און דאָס גאנצע לאנד וואָלט דיך געהערט דורך ראדיאָ.

זאָגט די מאמע:

— זיאמע, דו ביסט אזוי פארטראכט אין דיַינע ליאלקעס, אז די ווייסט ניט, אפ וועלכער וועלט דו ביסט. איך קאָן פון שטוב ניט אָפּטרעטן, ווײַל דו ביסט שטענדיק פארכאָלעמט, און אפ דיר קאָן מען די קינדער ניט לאָזן. שלאָג זיך ארויס פון קאָפּ די ליאלקעס, וועל איך זיך גיין לערנען זינגען.

נאָר דער טאטע טראכט שוין ווידער און ענטפערט ניט.

זאָגט די מאמע צו דער עלטערער שוועסטער:

— דו מאָלסט אזוי שיין. דו מאָלסט שוין א פּאָר כאדאָשים א בילד פון ווינטער, און דו ענדיקסט עס אלץ ניט. וואָלסט שוין געדארפט ענדיקן.

זאָגט די שוועסטער:

— אז שטענדיק הער איך פון דיר נאָר טראך־טראך. קעדיי צו מאָלן, דארף זײַן שטיל, איך דארף אָנמאָלן א שטילן שניי און שטילע ביימער. און דאָ איז אזא טומל.

דערנאָך זאָגט די שוועסטער צום מיטעלן ברידער:

— פארוואָס איז בא דיר אלץ אפ „באפרידיקט”, וואָלסט געקענט האבן „גוט”.

זאָגט דער מיטעלער ברודער:

— אז אין שטוב איז טראך־טראך־טראך, א טומל, שווער צו גרייטן די לעקציעס.

זאָגט דער מיטעלער ברודער צו מײַעטשקען:

— פארוואָס וויינסטו קעסיידער? שטענדיק וויינסטו.

ענטפערט מײַעטשקע:

— ווײַל איך וויל, אז די ליאלקע זאָל גיין, אז די ליאלקע זאָל גיין, וויל איך!

און עס הייבט זיך ווידער אָן. די מאמע איז אינקאס אפּן טאטנ דערפאר, וואָס ער טראכט נאָר וועגנ זײַנע ליאלקעס, דער טאטע איז ניט צופרידנ מיט דער מאמענ, וואָס זי גייט ניט אינ קאָנסערוואטאָריע לערנענ, די מאמע איז ניט צופרידנ מיט דער עלטערער שוועסטער, דערפאר וואָס זי ענדיקט ניט איר בילד. די עלטערע שוועסטער איז ניט צופרידנ מיטנ מיטעלנ ברודער, דערפאר וואָס ער לערנט זיך נאָר אפּ „באפרידיקט״, דער מיטעלער ברודער איז ניט צופרידנ מיט מײַעטשקענ, דערפאר וואָס זי וויינט אָפּט. מײַעטשקע איז ניט צופרידנ פונ דער ליאלקע, דערפאר וואָס זי גייט ניט.

אָבער די שכיינים ווייסנ דערפונ ניט. אלע שכיינים פלעגנ זאָגנ: ווי פריילעך ס'איז בא זיאמענ און זלאטענ אינ שטוב. ווײַל זיי פלעגנ נאָר הערנ, ווי זלאטע זינגט. און אז זלאטע נעמט זינגענ, פארלעשנ אלע שכיינים די פרימוסנ, מע הערט אופּ אײַנהאקנ די פיש, מע צעעפנט די פענצטער און מע הערט זיך צו.

און דערנאָך זאָגנ זיי:

ס'א ווילער מענטש אָט דער זיאמע.

ס'ארא פײַנ קאָל בא דער זלאטענ.

— ס'ארא שיינ מיידעלע איז די מײַעטשקע.

אינ די שכיינים ווייסנ ניט, אז בא מײַעטשקענ איז דאָ א ליאלקע וואָס וויל ניט גיינ, דערפאר וויינט זי, מײַעטשקע. און זיי ווייסנ ניט, אז זיאמע האלט אינ איינ טראכטנ וועגנ זײַנ ליאלקע, אז זי זאָל דאפקע נעמענ גיינ. טראכט און טראכט, טראכט און טראכט, און דערפאר גייט ארום זלאטע, און דאכט זיך, אז זי שיסט מיטנ מויל

טרא־טראכ־טראכ.

איינמאָל שטייענ אלע אופּ אינדערפרי, זעט מענ, אז אפּנ טאטנ איז אנ אנדער פּאָנעם, גאָר ניט דער זעלבער טאטע פונ נעכטנ אינ פונ אייערנעכטנ. ווי א נײַע הויט וואָלט אפּ אימ אויסגעוואקסנ.

ער איז צוגעגאנגענ צו דער מאמענ און געזאָגט:

— זלאטע, איך האָב געטראכט אינ געטראכט און סאָפּקאָלסאָפּ

האַב איך זיך באטראכט, אז איך קאָן גאָרניט צוטראכטן, האָב איך באשטימט אופהערן טראכטן.

אָפּגעזאָגט און שמייכלט.

זײַנען בא אלעמען געוואָרן אזעלכע אומעטיקע פּנעמער, און די מאמע זלאטע האָט געזאָגט:

— זיאמע, דו האָסט געטראכט און געטראכט און געטראכט, מוזטו זיצן נאָך און טראכטן און טראכטן, — אז מע טראכט, מוז מען עפּעס צוטראכטן.

און דער מיטעלער ברודער, וואָס האָט אויך געהאלטן, אז דער טאטע וועט גאָרניט צוטראכטן, האָט אויך געזאָגט:

— טאטע, טראכט נאָך אביסל. דו האָסט אזויפיל געטראכט, טאָ טראכט נאָך א טאָג, נאָך א וואָך. טראכט, טאטע, טראכט.

און מײַעטשקע האָט זיך ווידער פאנאנדערגעוויינט:

— טראכט, טאטע, די ליאלקע מוז גיין. מוז, מוז, מוז.

איך קען שוין מער ניט טראכטן, האָט דער טאטע געזאָגט. עס מוז דאָך נעמען א סאָף.

נאָר די מאמע און אלע קינדער האָבן איצטער דאפקע געוואָלט, אז דער טאטע זאָל טראכטן. אזויפיל געטראכט, דארף מען נאָך אביסל, עפּעס וועט ארויס, עפּעס מוז ארויס.

און דער טאטע שמייכלט אלץ, לאכט זיך פאנאנדער, פירט אלעמען אריין צו זיך אין צימער און נעמט אראָפּ דעם צודעק פון זײַן ליאלקע:

— אז מע טראכט, דערטראכט מען זיך, זאָגט דער טאטע, אז מע ארבעט, קומט עפּעס ארויס. אָט איז זי, מײַן גייענדיקע ליאלקע. קוקט נאָר אף דער שיינהײַט, וואָס איז שענער פון אלע ליאלקעס פון דער וועלט פון אלע צײַטן און פון אלע לענדער.

ער טוט א דריי אָן די ליאלקע, ווי מע דרייט אָן א זייגער, און די ליאלקע נעמט שטעלן טריט. דערנאָך צעעפנט ער די ליאלקע אינעווייניק זײַנען שרויפן, פּרושינעס און רעדלעך, א גאנצע מאשינעריע אינעווייניק. דערנאָך שטעלט ער זי צונויף צוריק, און די

ליאלקע גייט, ווי א מענטש, ווי א פאָלגער מענטש. א פרייד איז אין שטוב געוואָרן און די מאמע האָט גענומען באקן לאטקעס. און מײַעטשקע האָט געמיינט, אז ס'איז ווידער א יאָנטעוו, ווי דער ערשטער מײַ, האָט זי אָנגעטשעפּעט אף זיך א רויט בענדל. די מאמע האָט געזונגען, און אַלע שכיינים זײַנען זיך אָנגעלאָפן. מײַעטשקע האָט געמיינט, אז די ליאלקע וועט זיך שעמען פאר די שכיינים צו גיין, נאָר זי האָט זיך ניט געשעמט. זי איז העלדיש ארומגעגאנגען.

מענטשן זײַנען געקומען פון דער צענטער גאס א קוק טאָן אף דער ליאלקע. דער מיליציאָנער איז אפילע אראָפּ פון פּאָסט א קוק טאָן אף דער ליאלקע. דערנאָך האָט ער גענומען היטן די אָרדענונג אין שטוב, עס זאָלן ניט אַנלויפן צופיל מענטשן. דערנאָך איז די ליאלקע ארויס אפן גאס, אראָפּ־א־בארג, און קוים וואָס מײַעטשקע האָט זי דעריאָגט. אַלע מענטשן אין גאס האָבן זיך אָפּגעשטעלט און געמאכט איר א וועג. ווען זי איז דורכן די גאס, האָבן זיך די טראמווײַען אָפּגעשטעלט, קעדיי ניט איבערפאָרן זי.

און עס האָט זיך גענומען קערן די וועלט מיטן טאטן. עס זײַנען געקומען כאווײרים פון פאבריק באגריסן דעם טאטן. עס זײַנען געקומען פאָטאָגראפן אראָפּנעמען פון אים א בילד. דער טאטע האָט געמוזט גיין אין יאָנטעוודיקן קאָסטיום, ווײַל מע האָט אים געהאלטן אין איין אראָפּנעמען.

דערנאָך האָט די פאבריק אײַנגעאָרדנט אין קלוב אן אָוונט, ווו מע האָט פרעמירט דעם טאטן. מיט אַלע לענינס ווערק האָט מען אים פרעמירט, מיט א פאטעפאָן און מיט נאָך זיבן גוטע זאכן. און אין צײַטונג האָט מען וועגן אים געשריבן, אז ער האָט אויסגעטראכט א גייענדיקע ליאלקע, און אז זײַן טעכטערל מײַעטשקע שפּילט זיך שוין מיט אזא ליאלקע, און מײַעטשקעס בילד צוזאמען מיט דער ליאלקע איז אויך געווען אין צײַטונג. נאָר ניט אַלע שכיינים האָבן געקענט אפן בילד אונטערשיידן, ווער איז דאָ מײַעטשקע און ווער איז דאָ די ליאלקע.

און איינמאָל איז געקומען א גאנצער קינדער־גאָרטן צוזאמען מיט

די לערערקעס א קוק טאָן אפ דער ליאַלקע. און מײַעטשקע האָט געוויזן און געזאָגט, אז דער טאטע וועט מאכן פאר אלע קינדער אזעלכע ליאַלקעס.

איצט גייט שוין דער טאטע ניט ארום פארטראכט, נאָר ער זאָגט, אז אין א כוידעש ארום וועט ער ווידער נעמען טראכטן. ער וויל נאָך, — זאָגט ער, — צוטראכטן אזא קליינעם אוטאָמאָביל פאר דער ליאַלקע, זי זאָל קענען ארומפאָרן, ווי עס פאסט פאר אזא ליאַלקע.

די מאמע זאָגט, אז דער טאטע, ווען ער זאָגט עפּעס, וועט ער עס זיכער אויספילן. ער איז גערעכט, ער האָט מיר שטענדיק געזאָגט, איך זאָל גיין זינגען. הײַנט האָט מען מיך אויסגעהערט, האָט מען מיר געזאָגט, אז בא מיר איז זייער א גוטע שטים, וועל איך זיך טאקע נעמען לערנען.

די עלטערע שוועסטער זאָגט:

די מאמע איז גערעכט. מע דארף פארענדיקן מײַן בילד פונעם ווינטער.

זי האָט טאקע פארענדיקט. און אפ אן אויסשטעלונג פון קינדערישע געמעלן האָט זי געקראָגן א פרעמיע פארן בילד.

דער מיטעלער ברודער זאָגט:

די עלטערע שוועסטער איז גערעכט, אָט האָב איך הײַנט אָפּגעגעבן אריפמעטיק אפ „גוט", מע דארף זיך נאָר נעמען, איז שוין אלץ גוט.

די מאמע האלט זייער פון טאטן. די עלטערע שוועסטער פאָלגט די מאמע. דער מיטעלער ברודער פארשטייט, אז די שוועסטער ווייסט מער פון אים. די יינגערע שוועסטער טשעפּעט זיך ניט מיטן מיטעלן ברודער. מײַעטשקע קריגט זיך ניט מיטן ברודערל.

די ליאַלקע פאָלגט מײַעטשקען.

—

1936.

# די גרויסע סרייפע

אין מינסק זײַנען הײַנט אַרײַנגעהאַנגען אַלע פֿאָנען. אַ פֿאָלק־יאָנטעוו. דאָס פֿאָלק פֿאַרפֿלייצט די גאַסן, און אַלע זעען אויס ווי אָרדענטרעגער. ווײַסרוסלאַנד האָט באַקומען אַ לענין־אָרדען, כאַטש עס אַף יעדערן אַ געוויסער כיילעק. און הײַנט איז עלפֿטער יול דער טאָג, ווען ווײַסרוסלאַנד איז באַפֿרײַט געוואָרן פֿון די ווײַספּאָליאַקן.

ווען דער ווינט ווייעט איבער די רויטע פֿאָנען, רופֿט עס אַרויס דערמאָנונגען. שטענדיק, ווען דער ווינט וועט ווייען איבער די רויטע פֿאָנען, וועלן מיר האָבן וועגן וואָס צו דערמאָנען זיך.

די דאָזיקע אַלע (אויבנגעבראַכטע) פֿאַקטן רופֿן בײַ מיר אַרויס דערמאָנונגען. ווי אַ ווינטל וואָלט אומגעבלעטערט לאַנג פֿאַרמאַכטע בלעטלעך. אין מײַן עלטער פֿאַרנעמען נאָך געוויינלעך די טרוימען דאָס אָרט פֿון די דערמאָנונגען, אָבער אין אַלע אַנקעטעס שרײַבן מיר (איך און די, וואָס זײַנען אין אײַן עלטער מיט מיר), אַז מיר האָבן אין בירגער־קריג ניט אָנטיילגענומען. לאָמיר זיך דערמאָנען. עפּשער יאָ.

מיר האָבן ניט געקעמפֿט מיט ביקס אין האַנט. מיר האָבן ניט געוואָרפֿן קיין גראַנאַטעס. מיר זײַנען אָבער געווען קינדער, אָרעמע קינדער. מיר זײַנען געגאַנגען באָרוועס, און ס'האָט געטראָפֿן, אַז מיר פֿלעגן אַרײַנטרעטן מיט די פֿיס אין בלוט.

---

איך האָב זיך געשראָקן פֿאַרן טויט. דער טויט — די טיפֿע שוואַרצקײַט מיט די פֿײַער־קרײַזן, מיט די פֿליענדיקע פֿינטעלעך, מיטן פֿאַלן אָן און אָנעם אין אַ טיפֿן זאַפּגרוני, און דאָס וועלן שרײַען און ניט קאָנען וועט זיך אַרײַנכאַפּן אין מיר...

א קליינינק, דארינק האלב גרעשעלע, וואָס ציטערט איבער זיַין קליין לעבנדל. גאָר ניט קינדיש האָב איך אויסגעעלטערט מיַינע פרייִקע קינדער־יאָרנ (ביז 10 יאָר), די קינדער־יאָרנ, וואָס דארפנ זיַינ קלאָר, וואָס האָבנ זיך (אלפי־יווישער) געדארפט ציִען, ווי א לאנגער שיינער כאָלעמ, פונ וועלכנ מע כאפט זיך אופ אינ דער יוגנט אונ מע פארגעסט שטיקער פונ אימ.

שרעק פארנ טויט. וויַיל ארומ איז געווענ די מילכאָמע. מענטשנ האָבנ געהארגעט איינע די אנדערע, מע האָט געמיימעסט, שלאָגנדיק. אונ אונדז האָט מענ עס ניט געוויזנ. דער טויט איז זייער שרעקלעכ. מיר האָבנ אָבער געמיינט, אז ער איז שרעקלעכער.

איך אונ מיַינ כאווער בוליע מיר האָבנ געציטערט פארנ טויט. פארנ גענעמ האָבנ מיר ניט אזוי מוירע געהאט. אינ גענעמ לעבט מענ דאָך. עמעס, אינ גענעמ כאפט מענ קלעפ. וואָסי, אונ מיר כאפנ ניט קיינ קלעפ?

מיר, צוויי קליינע מורעשקעס, האָבנ זיך אָנגעשטויסנ אפ א פליגל פונ מאלכאמאָוועס.

אונדזערע טאטעס פלעגנ אונדז נעמענ אינ קלויז. נאָכ מיַירעוו פלעגנ זיי זיך אוועקשטעלנ ריידנ וועגנ דער מילכאָמע. דארדאנעלנ, קאָנסטאנטינאָפאָל. דער טאטע זאָגט אזוי, בוליעס טאטע זאָגט פידרעכ. אזוי פידרעכ, אזוי פידרעכ, ביז מיר נעמט דוכטנ, אז עפעס האָט זיך אינוווייניק אָפגעריסנ באמ טאטנ, ער קאָנ דאָס מויל ניט צומאכנ, אונ ער וועט שוינ אזוי ריידנ אונ ריידנ. מיר פאלט צו א טיפע כאלאָשעס צומ הארצנ אונ מיר נעמט דוכטנ, אז איך שטארב באַ זיי אונטער די הענט.

אינדערהיימ איינ בילד: וויאזוי די שכיינע מענוכע, אָנגעטאָנ אינ אלע אירע צענ קליידלעכ אונ פאטשיילעס (מע זאָל זי ניט באגאנווענענ), שפרייט אירע אָדלער־פליגל איבער איר זונ נאָכעמ אונ רייַסט אימ ארויס פונ די נעגל פונעמ טויט. זי איז דאפקע אויסנ געווענ. אז מע זאָל בא איר ניט צונעמענ אפ מילכאָמע איר איינציקע קרוינ פונ קאָפ, איר ציפליא נאָכעמ. זי האָט פאר אימ א טיפע גרוב אינ

פירהויז אויסגעגראָבנ, באגראָבנ לעבעדיקערהייט. זי האָט אימ אינ די ווענט פארמויערט, זי האָט אימ אפ בוידעמס געהאלטנ. ווי עס שיצט א לייביכע אירע קינדער, אזוי האָט זי אימ געשיצט.

מענוכע שטעלט באנקעס אינ קליסטירנ. זי פארהיט אלע כאלאָימ פונ טויט, זי קאָנ אויכ שפרעכנ אונ פארקויפנ הינער אונ ציפליאטעס.

בא מיר האָט זיכ געשאפנ אנ אינערלעכע זיכערקייט, אז זי אונ איר זונ נאָכעמ וועלנ לעבנ אייביק ווי די זונ פונ הימל, ווי די לעוואָנע אונ ווי די שטערנ. וואָרעמ מענוכע עסט באָב פונ א גרויסנ טשוהונ. קיינער קאָנ אזוי ניט. אונ טרינקט זאטירקע פונ א גרויסנ קאד. אונ שלאָפט אינ די זאכנ. אונ איז אפ גאָרנישט ניט קראנק, אויסער אפ א רויז, ווענ מע גיט איר אנ איינהאָרע. זי וועט אלעמענ איבערלעבנ אפ אייב־אייביק.

אונ אפ איר פּאָנעמ איבנ פאָנעמ פונ דער אייביק-לעבעדיקער מעסושעלעכטע דערזע איכ דעמ שרעק פארנ טויט, דאנ ווענ זי נעמט ריידנ וועגנ איר זונ נאָכעמ. אינ די פאלדנ פונ איר אייבערשטער שייארצער פאטשיילע לייגט זיכ אויס דער שרעק. בא מיר פארהאקט זיכ דער אָטעמ, אונ איכ האָב מוירע צו קוקנ אפ די שאָטנס, וואָס רייסנ זיכ פונ אלע ווינקלענ.

אפנ גאס פארשפיל איכ זיכ אונ פארגעס וועגנ דעמ. נאָר אָט פארגייט די זונ, זי פאלט אריינ אינ טייכ אונ פארגעלט דאָרטנ די זייכ, אונ עס כאפט מיכ אנ די הינער־בלינדקייט. ווי א ליכטל לעשט זיכ פאר מיר אויס די וועלט, אינ מיכ, דאָס קליינע שפענדעלע, וויקלט ארומ די פינצטערקייט אינ עסט זיכ מיר איינ אינ די אויגנ. עפּעס פונקט ווי די גאנצע וועלט וואָלט ניט ייערנ, אונ מיכ האָט מענ געלאָזנ שטיינ אפ א הויכנ דאכ. איכ כאפ די ליפּנ, ס'וויגט זיכ אונטער מיר די ערד. ביז עמעצער נעמט מיכ אונטער דער האנט אונ פירט מיכ אָפּ אהיימ. ס'איז בוליע.

דערנאָכ קענ איכ ניט איינשלאָפנ. דער קאָפּ ווערט אלצ איבער־געלייגט פונ איינ טייל קישנ, וואָס איז שוינ אָנגעוואָרעמט, אפ דער אנדער טייל, וואָס איז קיל. די קישנ איז אָבער קליינ אונ וואַרעמ,

דאנ לייג איך אוועק דעמ קאָפ צופוסנס. סיַוויסיַ שווימענ אָנ די פיַער־
דעדער מיט די פינטעלעך.

פונ אלע אונדזעריקע שטויסט זיך נאָר אָנ דער שוועסטערקינד בעניע אָנ דעמ אז מיטנ קינד איז עפּעס ניט דאָס. ער פלעגט מיר ברענגענ פערדלעך. ווענדיק דערגייַנ דעמ סאָד פונ לעבנ, פלעג איך זיי עפענענ די בייַכלעך.

וואָס טוט בעניע, האָב איך ניט געוווּסט, נאָר ווענ ס'האָט אויסגעבראָכנ די רעוואָליוציע, איז ער נעלעמ געוואָרנ. אנ אנדערש מאָל פלעגט ער קומענ אינ א שינעל, אונ אינ די אויגנ איז עפּעס געווענ א קאלטער גלאנצ פונ וויַטע מעקוימעס, וועלכנ ער האָט צופעליק פארשלעפּט אהער. עטלעכע מאָל האָט מענ אפנ הויפ שוינ שטארק גערעדט פונ דעמ, אז ער איז שוינ ניטאָ אפ דער וועלט. ווו וועט ער זיך דאָס אהינטאָנ אפ יענער וועלט, דעמ גענעמ הייצט מענ ניט, קיינ האָלצ ניטאָ, אונ אינ גאנײדנ איז געוויס ניטאָ וואָס צו עסנ. מיטאמאָל פלעגט ער זיך א באוויַז טאָנ. אונ אפילע ווענ ער פלעגט זיך וויַזנ, האָט קיינער ניט געגלויבט אינעמ לאנגדויער פונ זייַנ לעבנ. עפּעס איז א קאלטער בליאסק אינ זיַנע אויגנ. ניט קיינ היגער. ניט צומ לעבנ איז דער דאָזיקער מענטש. עפּעס ווי א באבעלע פליט ער ארומ, ער וועט אָפּברענענ א פליגעלע אפ דער זונ. דער דאָזיקער מענטש גייט זיך אייַנשטעלנ אינ קאָנ פאר אנדערע, איז שוינ בעמיילע זייַנ לעבנ העפקער־ציבעלע. עפּעס שפילט ער זיך מיט זייַנ לעבנ, אונ ער וועט עס פארשפילנ פאר א דרייַער. ניט צומ לעבנ איז דער דאָזיקער מענטש.

באזונדערס האָט ניט געהאלטנ פונ זייַנ לעבנ די שכיינע מענוכע די מעסושעלעכטע. פונ אימ שמעקט מיט פולווער, — זאָגט זי, — אינ מיט הוישײַנעס־בלעטלעך. ער איז שוינ צענ מאָל באשאָסנ געוואָרנ אונ צענ מאָל געשלאָגנ געוואָרנ. ריזיקאנטנ. ניינ, אזעלכע קאָנ מענ קיינ געלט ניט אנטלייַענ אפילע אפנ גרעסטנ פראָצענט. קיינ יאָרשימ, — בא ווּעמענ צו מאָנענ, — האָבנ זיי ניט.

דערנאָך, אז די וויַספּאָליאקנ זיַנענ אריַנ, איז ער גאָר ניט געוואָרנ.

ס'איז געקומענ אצנ הויפ אנ אָפיצער אונ איינגעטשעפעט זיכ, אז פונ אונדזער הויפ האָט מענ געוואָרפנ א באָמבע. ער איז זייער נייגעריק צו וויסנ, ווער האָט געוואָרפנ די באָמבע, זאָל מענ אימ אפ טשיקאַוועס ווייזנ, ווער האָט עס געוואָרפנ, אז ניט — נעמט ער אונ שיסט באַכעמענ, מענטשעס זונ, דאָ אפנ אָרט.

אָבער מענטשע מיט איר זונ נאָכעמ וועלנ לעבנ אייביק.

„פאנאָוויע, — האָט זי אימ געזאָגט, — איכ בינ א מינ פעלדשעריצע, איכ שטעל באנקעס אונ קליסטירנ, בארויקט זיכ, איכ וועל אייכ עפעס געבנ אפ בארויקנ זיכ". אונ האָט אימ אריינגערופנ צו זיכ אינ קאמער.

דער אָפיצער איז געווענ א בייזער, מיט א פּאָר בלוטיקע אויגנ אונ מיט א פלאמיקער נאָז פונ זונ-פארגאנג-קאָליר.

אינ א שיינעמ זומער-טאָג זיינענ די ווייספּאָליאקנ אָפּגעטראָטנ פונ מינסק. זיי האָבנ אונטערגעצונדנ די שטאָט פונ אַלע עקנ. אינ יענעמ טאָג האָט זיכ געדוכט, אז די זונ פארגייט פונ אַלע זייטנ.

אנטקעגנ דעמ העלישנ פייער בינ איכ געשטאנענ, דאָס פינפער לעמפּעלע, אינ הויזט זיכ ארויס איכ האָב זיכ ניט דערשראָקנ. עס ברענט די שטאָט אינ אַלע אירע עקנ.

איכ האָב געקוקט מיט מיינע קינדערשע אויגנ אפ דער גרויסער כרייפע. אנ אַנגעצונדענע שטאָט, פלאמענ, רייכ. פונקענ, וואסער-שטראָמענ, מענטשנ-געלאפ, ס'ארא הערלעכ בילד! קנוילנ פייער וויקלענ זיכ איינע אינ די אנדערע אונ וויקלענ זיכ פאנאנדער, אָט שפּרינגענ פייערדיקע לייבנ, לעמפּערטנ, טיגערנ מיט פייערדיקע גריוועס, אָט גיט א שפאר א גרויסער רויכ, באגילט מיט אסאכ, אסאכ פונקענ, ווי אינ די כאלוימעס, ווי די קאָנפעטי אפ מיינ רייכער מומעס כאסענע. אָבער אינ קליינעמ מויעכל ארבעט שוינ אויכ דער פּיטשינקער געוויסנ. אָט שלעפּט ארויס א פייערלעשער א פארברענט קינד. פארקלעמט דאנ דאָס הערצל.

איכ שטיי אָבער מיט אנ אָפענעמ מויל.

אונ מענטשנ שרייענ דאָכ. די ווייבער קלאָגנ מיט אזא קענטשאפט פונ דער זאכ, אז עס דוכט זיכ, אז זיי האָבנ זיכ לאנג געגרייט

דערצו, אײַנגערעפּעטירט זיכ. אָבער אינעמ מאָנאָטאָנעמ געוויינ בײַסנ זיכ אײַנ אומגעריכטע הארצפּלאצנדיקע טענער. נאָכ די געשרייענ קאָנ מענ ערשט זענ, וויפל קראפט, ס׳ארא גרויסע פארפלייצנדיקע קראפט זיי האָבנ צומ לעבנ, אונ דאָס לעבנ ברענט פאר זייערע אויגנ. אינ די מענער זײַנענ שטאָק־הייזעריק, לוידיי, וואָס זייערע אויגנ אליינ האָבנ זיכ אָנגעכאפּט, ברענט נאָכ די שטאָט־סרייפע אינ זייערע אויגנ. עפּעס דוכט מיר, אז באלד וועלנ בא זיי נעמענ שפּריצנ פונקענ פונ די אויגנ, אונ א רויכ וועט א זעצ טאָנ פונ מויל.

אָבער אָט שרײַט דאָכ אויכ מײַנ מאמע.

ס׳פארגייט די זונ — אונ איכ זע ניט, די מאמע פירט מיכ אהיימ. אָבער איכ זע פײַערנ אונ פײַערנ, אונ באנאכט פלאמט אונטער מײַנ קאָפּ די קישנ, פונקט ווי אינעווייניק וואָלטנ ניט פעדערנ, נאָר הייסע קוילנ געלעגנ.

אפנ סרייפע־פּלאצ שלאָגנ מיר זיכ מיט שטיינער. א שלאכט־פעלד. דאָ שלאָגנ זיכ קאצאנס כעוורע מיט ניאָניעס. קאצאנ אונ ניאָניע פאָרנ אפ אייגענע פערד. פערד האָט מענ דאנ געקאָנט קריגנ אומזיסט, איבערנ שטאָט האָבנ געבלאָנדזשעט פערד.

אפ דער סרייפע זײַנענ אויכ ארויס די ווײַבער. די סרייפע איז געוואָרנ א כארזיי־שעטעכ פונ מעציִעס. האָבנ זיכ די ווײַבער ארויסגעשאָטנ אפ דער סרייפע. גענישטערט אפנ סרייפע־פּלאצ. איכ אליינ האָב געפונענ א ליאלקע מיט אָפּגעסמאליעטע האָר אונ א פּאָר שיינע פארפורקעס. אָבער נעכע די געלערקע האָט געפונענ א זייגער מיט גאָלדענע ווײַזערס, אינ זײַוול דער שמיד האָט געפונענ א לעבעדיקנ אינדיק. ס׳האָט זיכ ארומ אונ ארומ געברענט די סרייפע, אונ דער אינדיק האָט זיכ ערגעצ פארשארט אונ געבליבנ לעבנ. אנ אינדיק וויל אויכ לעבנ.

די אָפּגעברענטע באלעבאָסטעס האָבנ געשאָלטנ אינ ביינ ארײַנ, אונ דערנאָכ איז בא אסאכ ווײַבער געבליבנ לעזיקאָרנ, אז א קלאָלע איז פאָרט א קלאָלע, ווער רעדט, אז מע פאלט ארײַנ אינ א פארסאמטנ מויל. עטלעכע ווײַבער זײַנענ פארנ טאָג ארײַנגעפאלנ אינ די גריבער, וועלכע זײַנענ נאָכ דער סרייפע פארוואלגערט

געוואָרן מיט האָלעוועשקעס און ציגל. זיי זײַנען אַרײַנגעפאַלן, ווי אין די וועלף־גריבער.

די שכיינע מענוכע, וואָס האָט לויט מײַן האשאָרע געוואָלט לעבן אייביק, וואָס האָט זיך מיט אירע שווארצע נעגל אזוי אײַנגעקלאַמערט אין לעבן, איז געשטאָרבן מיטן מיִעסטן טויט, אזוי ניט איידל, מיט אזא טויט, וואָס דערמאָנענדיק זיך אין אים, האָב איך ניט געקאָנט עסן, און ניט געהאט אפילע מיט וואָס צו ברעכן. און איר זון — איר קרוין פון קאָפּ — איז אין א כוידעש ארום געשטאָרבן. פון גרויל און פון שווינדזוכט. זי האָט אים פארמאָרעט אין די גריבער.

אפן הויף האָבן די שכיינים גערעדט וועגן דעם, אז די פוילישע האָבן דערהארגעט דעם שוועסטערקינד בעניע. א גאנצע ראָטע קאָמ־יוגיסטן האָבן די פוילישע אויסגעשאָכטן, און בעניען אויך צווישן זיי.

אָבער אין א פּאָר טעג ארום איז אפּ א פארפּינעטן פערד מיט ווײַסע ארבל איבער די טלאָען און מיט פונקען פון הינטער די פּאָדקעוועס געקומען צו פליִען בעניע. ס'האָט פון אים געשמעקט, ווי שטענדיק, מיט פולווער און מאכאָרקע. דער שלעם איז געווען אין עטלעכע ערטער דורכגעשאָסן, און די שינעל דורכגעלעכערט. אָבער ער איז געווען גאנץ — א האָר האָט אפּ אים ניט געפעלט. און אפּן פערד איז ער געזעסן הויך, שטאָלצנע און צוגעזאָטלט.

איך האָב אפּ אים געקוקט מיט פאנאנדערגעריסענע אויגן. אָט דער צײַטווײַליקער מענטש לעבט. און מעסושעלעכטע, די אייביק־לעבעדיקע, איז געשטאָרבן.

די ערשטע זאך האָט ער בא מיר געפרעגט, ווו איז די שכיינע מענוכע. די שכיינע מענוכע, — האָב איך אים געזאָגט, — איז דערטרונקען געוואָרן אין א מיִעסער זאך אפּ דער סרייפע.

ער האָט אויסגעשפּיגן.

כאָטש ער האָט ניט געהאט קיין גרויס אכטונג צום אָנדענק פון דער שכיינע מענוכע, געדענק איך, אז ער האָט מאָביליזירט אלע שכיינים־בורזשויען אפּ „פּרינודילאָוואקע". ער האָט זיי אוועקגעשטעלט אָפּראמען די גריבער, וואָס אפּ דער סרייפע.

אָט יענע אלע, וואָס האָבנ ניט געוואָלט געבנ קיינ הארטנ זעקסער, קיינ אויסגעבלאָזנ איי פאר זייַנ לעבנ, וועמענ ס'האָט געדוכט, אז בעניע איז אנ איבערגייענדיקער שאָטנ, א צייַטווייַליק לעבנ, וואָס האלט זיכ אפ א האָר, — זיי האָבנ ערשט איצטער דערפילט די לעבעדיקע האנט פונ אָט דעמ מענטשנ, וואָס צווינגט זיי ראמענ די אָפּטריטנ. זיי האָבנ אימ געשאָלטנ מיט טויטע קלאָלעס אונ כאראָמעס פונ זייערע פארסאמטע מייַלער. אונ ערשט דאָ האָבנ זיכ די ווייַבער געכאפּט, אז ניט נאָר די קויל כאפּט אימ ניט, קיינ קלאָלע נעמט אימ אויכ ניט.

צומ לעבנ — ווייַזט זיכ ארויס — איז דער דאָזיקער מענטש מיט זייַנ שלעמ, מיט זייַנ שינעל אונ פערד.

אינ א פּאָר טעג ארומ איז ער אוועקגעפאָרנ מיט א פּאנצער־צוג אונ האָט מיר איבערגעגעבנ זייַנ פערד, איכ זאָל אימ אָפּפירנ אינ „טראמאָס״. ער האָט מיכ ארופגעזעצט אפנ פערד.

פונ שטוב הער איכ מייַנ טאטנס קאָל. ער רופט מיכ דאוונענ. אָבער איכ זיצ דאָכ אפנ פערד.

ער גייט ארויס אפנ גאס מיכ רופנ. אָבער איכ הער אימ ניט.

דער טאטע האָט מוירע צו מיר צוגיינ. דאָס ערשטע מאָל אינ לעבנ, וואָס ער האָט מוירע צו מיר צוגיינ.

געבנדיק א טרייַב דעמ פערד, דערפיל איכ פּלוצימ אזא פרייַקייַט, ווי איכ וואָלט זיכ פונ עפּעס אָפּגעריסנ.

איכ דערפיל זיכ דאָס ערשטע מאָל פאר א קינד.

איכ זיצ אפנ פערד, אונ צו מיר רייַסנ זיכ פונ אלע זייַטנ אונ בלאָזנ אינ פּאָנעמ די ווינטנ.

די ווינטנ פונ לעבנ. —

.1936

# דרײַ נאָוועלן וועגן דער לעוואָנע

## 1

## קינדער

לעבן דעם זילבערנעם טײַכל שטייט א גאָלדענע שיפל. ניט קיין גאָלדענע, אָבער ס'דוכט זיך אויס אזוי. קריכן קינדער ארײַן אין שיפל, און מיכעלע ווערט דער קאפיטאן. זאָגט מיכעלע, אז מיר זאָלן פאָרן גלײַך און גלײַך און ניט פארקרימען זיך, וועלן מיר דערפאָרן ביז דער לעוואָנע.

פאָרט מען. כאוועלע די קליינע האָט אביסל מוירע, נעמט זי זיך קרימען. זאָגט מיכעלע נאָכאמאָל: מיר דארפן פאָרן גלײַך און ניט פארקרימען זיך.

קלאפן די וועסלעס, פליעסקעט דאָס וואסער, אין טײַך כאפן זיך אום די פישעלעך. די שטערן און די לעוואָנע פון הימל שפיגלען זיך אָפּ אינ די וואסערן. שווימען פישעלעך צווישן די שטערן. זאָל מען נאָר ארײַנשטעקן א לעפל אין טײַך, קאָן מען אָנעמען א גאָלדן פישעלע מיט א פאָר שטערן און אביסעלע לעוואָנע־זופּ.

— פאָרט מען, און די לעוואָנע רוקט זיך אָפּ אלץ ווײַטער, רוקט זיך קעסיידער אָפּ און מע קאָן מיט איר גאָרנישט ניט מאכן.

נעמט כאוועלע וויינען.

זאָגט צו איר מיכעלע דער קאפיטאן:

דו האָסט אליינ אופגעטאָן פאָרן צו דער לעוואָנע און איצטער וויינסטו. ווען עס וואָלט געווען גרינג דערפאָרן צו דער לעוואָנע — וואָלסטו אהינ געפאָרן מיט א טראמווײַ. מע דארפ פאָרן און ניט פארקרימען זיך.

אפנ הימל איז פלוצימ פינצטער געװאָרנ, אונ די לעװאָנע איז ניט געװאָרנ.

דאַנ האָט מיכעלע געזאָגט:

— מע קענ פאָרנ צוריק. מיר מיט אונדזער װיסנשאַפט, װאָס מיר האָבנ, קאָנענ נאָכ ניט דערפאָרנ צו דער לעװאָנע. װענ אַלע קינדער װאָלטנ געקאָנט אַפ שיפעלעכ דערפאָרנ צו דער לעװאָנע, װאָלט מענ שוינ לאַנג אַהינ אַלע קינדער־גערטנער איבערגעפירט, װאָרעמ אינ שטאָט איז ענג.

— פאַרקערעװעט צוריק!

פלוצימ האָט כאַװעלע א געשריי געטאָנ:

— מיר זײַנענ שוינ דערפאָרנ צו דער לעװאָנע, אָט איז זי!

אַלע האָבנ א קוק געטאָנ אַפנ ברעג. טאַקע, אָט ליגט די לעװאָנע, א געלע אונ א גרויסע.

מענ איז אַראָפ אַפנ ברעג באַטראַכטנ די לעװאָנע. די קינדער האָבנ גענומענ טאַפנ די לעװאָנע פונ אַלע זײַטנ. מער ניט, מיכעלע איז געשטאַנענ אָנאַזײַט. — „אַלצ איז פאַר זיי א שפּיל, פאַר די קליינע“, — האָט ער שטאָלצ א טראַכט געטאָנ.

די לעװאָנע איז צוגעװאַקסנ געװענ צו דער ערד, האָט מענ זי קוימ אָפגעריסנ.

פלוצימ איז אָנגעגאַנגענ א װעכטער מיט א לאַנגער באָרד אונ מיט א לאַנגנ שטעקנ:

— גאַנאָװימ! — האָט ער אויסגעשריגנ, — אינגאַנצנ איינ קירבעס, אַזא גרויסער איז אויסגעװאַקסנ, אונ איר האָט אָפגעריסנ! װאָס װעט זאָגנ דער דירעקטאָר? איר װייסט, װאָס דאָס איז פאַר א קירבעס? דאָס איז א װיסנשאַפטלעכער קירבעס! פאַרװאָס האָט איר אויסגעריסנ דעמ קירבעס?..

שװײַגנ די קינדער. זיי שעמענ זיכ איצטער אויסצוזאָגנ, אַז זיי האָבנ געמיינט, אַז דאָס איז די לעװאָנע. װאָסי, װער װייס ניט, אַז די לעװאָנע זעט גאָר אויס װי א קירבעס, אָבער אינדערעמעסנ איז זי עפּשער אינ מיליאָנענ מאָל גרעסער פאַר א קירבעס. מע האָט

זיך פֿארשפּילט און גאָר פֿארגעסן, אז דאָס איז א פֿעלד פֿון דער פּרווו־סטאנציע, אז דאָס איז א וויסנשאַפֿטלעכער קירבעס. ס'איז גאָר איצטער מיִעס אויסצוזאָגן. שווײַגן אַלע.

אפֿן וועכטערס געשריי איז אָנגעגאנגען דער דירעקטאָר. ער האָט געהייסן דעם וועכטער מער ניט שרײַען. גאנאָווים? פּיאָנערן קאָנען קיין גאנאָווים ניט זײַן. ער איז אָבער געשטאנען זייער אומעטיק, דער דירעקטאָר. דאָס איז געוואקסן בײַ אים א וויסנשאַפֿטלעכער קירבעס און מע האָט אים אָפּגעריסן, און די קינדער זײַנען אויך אומעטיק געשטאנען. זיי זײַנען פּיאָנערן, און דער וועכטער האָט אַף זיי געזאָגט — גאנאָווים. אַלע זײַנען געשטאנען אזוי אומעטיק, פּונקט ווי די לעוואָנע וואָלט געשטאָרבן.

פֿארוואָס האָט איר אויסגעריסן דעם קירבעס? — האָט דער דירעקטאָר הייזעריק געפֿרעגט. (אז ער איז אומעטיק, רעדט ער הייזעריק).

שווײַגט מען. וועט ער דען פֿארשטיין, דער גרויסער דירעקטאָר, אז מע וועט אים זאָגן, אז דאָס איז מען געפֿאָרן צו דער לעוואָנע, דאָס איז מען געפֿאָרן העלדיש, מע איז געפֿאָרן גלײַך, גלײַך און ניט פֿארקרימט זיך, געוואָלט אופֿטאָן זייער א שיינע זאך, א שיינע און א גלײַכע, און אויסגעלאָזט האָט זיך גאָר, אז מע איז גאנאָווים, שעדיקער פֿון א וויסנשאַפֿטלעכן קירבעס.

אָבער כאוועלע איז גאָר א קליינע, און זי האָט מיט אן עמעס געמיינט, אז מע פֿאָרט צו דער לעוואָנע, דערפֿאר האָט זי זיך ניט געשעמט און געזאָגט:

— מיר האָבן געמיינט, אז ס'איז די לעוואָנע. — אזוי האָט זי געזאָגט: לעוואָנע. בעסער קאָן זי ניט. דאן איז באַם דירעקטאָר געוואָרן מיטאמאָל א פֿריילעכער פּאָנעם. מיסטאָמע האָט ער זיך איינ דער מינוט דערמאָנט, אז ער איז אמאָל געווען א קליינער און ער איז אויך געפֿאָרן נאָך דער לעוואָנע, אָפּגעריסן אויכעט א קירבעס, און דער וועכטער האָט אים דאן שטארק געשלאָגן דערפֿאר. מיסטאָמע האָט ער טאקע אין דער מינוט

א טראכט געטאָן וועגן דעם. ער איז זייער א פארנומענער מענטש, ער טראכט קעסיידער וועגן וויסנשאפט, און קיין אנדער צײַט, ווי איצטער, אפֿ דערמאָנען וועגן דעם, האָט ער געוויס ניט.

ער האָט געמאַכט זייער אן ערנסטן פּאָנעם, דער דירעקטאָר, און האָט געזאָגט נים הײַזעריק:

— דער וועכטער האָט א טאָעס געהאט, דאָס איז טאקע די לעוואָנע, עסט זי אופּעט.

דאן האָבן די קינדער מיטן דירעקטאָר און מיטן וועכטער אופּגעגעסן די לעוואָנע. געגעסן, געגעסן, און א העלפֿט איז נאָך געבליבן.

און אפֿן וועג האָט ער זיי געגעבן עפּל און בארן.

די קלײנע כאוועלע האָט שוין געגומען מיינען, אז זיי האָבן טאקע אופּגעגעסן איין העלפֿט לעוואָנע — און איצטער וועט אפֿן הימל נאָר א האלבע לעוואָנע שײַנען.

אָבער פּאָרנדיק צוריק, האָט ווײַטער א גאנצע לעוואָנע געשײַנט איבער זייער שיפֿל.

א גאנצע לעוואָנע איז געשווומען איבערן הימל, און אלע קינדער האָט זיך געדוכט, אז זיי פילן נאָך אלץ אין מויל דער טאַם פֿון דער לעוואָנע.

## 2

## א יונגע פּאָר

— סארא שיינע לעוואָנע הײַנט איז — הייבט ער אָן דעם געשפּרעך, זעצנדיק זיך מיט איר אפֿ דער באנק.

די לעוואָנע האָט טאקע אויסגעלייגט פענצטער אפֿ די אינווייניקסטע ווענט פֿון די פּארשלאָפענע הײַזער, אויסגעלייגט ליכטיקע שטעגלעך אפֿ די אָפּגעקילטע דילן. איבערטרעטנדיק די דאָזיקע ליכטיקע שטעגלעך, זײַנען זיי ארויס אין עטוואָס קילן דרויסן, ווו די בלעכענע הינטערשטאָטישע דעכער גלאנצן אָפּ מיט לעוואָנע־שײַן און זעען אויס באגילדט ווי קופּאָלן פֿון קלויסטערס, און אפילע די

– לוזשעס אונטער דער לעוואָנע זעענ אויס ווי עפּעס רעכטס, אַמווייניקסטנס — ווי טיי מיט לימענע.

זיי זעצנ זיכ אפ דער באנק. זי פארהייבט עטוואָס דאָס קליידל און זעצט זיכ אפ די וועש. דער יאט — מיט אָנ איינ קנייטש אפנ פּאָנעם — קוקט אופמערקזאמ אפנ קנייטש פונ זײַנע הויזנ. דער יאט טראכט ניט פונ קיינע כאסענעס און קיינע גליקנ, אָבער זי דערוואַרט יעדע מינוט, אָט־אָט וועט ער אויסדריקנ זײַנע געפילנ, און וואָס זאָל זי אימ דעמאָלסט ענטפערנ, וואָרעמ עפּעס קאָנ זי זיכ ניט פאנאנדערקלײַבנ — צי איז ער דער ריכטיקער יאט, צי ניט.

אנטקעגנ דער לעוואָנע ווערט בא יעדערנ א פארטראכטער פּאָנעמ, אָבער זי איז טאקע פארטראכט.

ער זיצט און רעדט גלאט, ווי פאר אנ אוילעמ:

— מיינסט, איכ וועל זיכ נאָכ לאנג דרייענ בא דער מאשינ און האָבנ דעמ דריטנ ראזריאד? מע האלט מיכ בא ארויסרוקנ, און איכ וועל ווערנ דער קולט־טוער פונ זאווקאָמ. פונ דאָרטנ וועל איכ אוועק אפ די קורסנ פונ פּראָפ־טוער, וואָס עפענענ זיכ אינ מאָסקווע. פונ די קורסנ וועל איכ זיכ קאָנענ אריבערכאפּנ אינ אינסטיטוט פאר פּראָפ־באוועגונג. ענדיק איכ דעמ אינסטיטוט, בלײַב איכ אפ וויסנשאפטלעכער ארבעט...

זיצנדיק דאָ אינ הינטערשטאָט, אפ דער באנק, שטעלט ער אזוי אוועק, ווי א פוס־בענקל, די גאנצע וועלט אונטער זײַנע פיס.

זי זיצט פארטראכט, און ער נעמט זי אָנ שולדיקלעכ פארנ האנט, און ער קריגט דאנ דעמ אויסזעענ פונ א מענטשנ, וואָס אנטשולדיקט זיכ נאָכנ ארופטרעטנ יענעמ אפנ פוס.

זי זיצט און טראכט, צי איז ער דער ריכטיקער יאט, צי ניט? וואָס איז ער — אנ ענטוזיאסט אָדער א קאריערניסט? עפּעס פארדעקט ער זיכ מיט פראזנ, און דאנ איז שווער צו דערקענענ א מענטשנ, ער דריקט זיכ אויס שיינ, אָבער די געפילנ דריקט ער ניט אויס.

— ס'ארא מינ לעוואָנע הײַנט איז! — דערמאָנט ער ווידער, און ער מאָלט ווײַטער זײַנע פּלענער, ער מוז האָבנ אנ אווטאָמאָביל, בא

אים רײַסן זיך זייער די שיך, אַן אווטאָמאָביל קען אים אויסמאַכן ביליקער.

זי טראַכט אַלץ, וואָס איז ער — אַ ליגנער, צי אַ פאַנטאַזיאָר? אויב אַ פאַנטאַזיאָר, מאַכט ניט אויס — אָבער אויב אַ ליגנער, מאַכט יאָ אויס. אַז ס׳איז אָפּ אים ניט צו דערקענען, צי איז ער דער ריכטיקער יאַט, צי ניט?

אַנדערע מײַסעס ציִען זיך בײַ אים אַזוי לאַנג און זײַנען אַזוי פאַרפּלאָנטערט, ווי אַ גאַנצער טאָפּ לאָקשן. דאָס זײַנען די מײַסעס וועגן דעם, ווי אַזוי ער דעקט אויף אַוולעס, לאַנגע אינטריגעס. און זי טראַכט אַלץ וועגן דעם, צי איז ער אַן אינטריגאַנט, צי אַ יוישער-זוכער.

ער געהערט צו די מענטשן, וואָס אַפילו זיצנדיק מיט אַ מיידל, קאָנען זיי טראַכטן און דערציילן נאָר וועגן זיך. אָבער די לעוואָנע טוט זיך אירס. זי פליִצט מיט שײַן און רופט אַרויס איידעלע געפילן. און די שטערן אין הימל זײַנען עפּעס ווי ליכטיקע אויסיִעלעך, ווי אַ ליכטיקער שריפט צעשאָטן איבערן הימל, עפּעס ווינקען זיי, רופן, לערנען, און ווער ווייסט וואָס, עפּשער ווען מיר זיך אָפּ דער עלטער דערוויסן, וואָס זיי לאָזן אונדז צו הערן.

אַ רייעך פון אַ ליפּע פאַרגייט אַהער. עפּעס ווי מיט גוואַלד רײַסט ער זיך אָפּ פון די אייגענע געדאַנקען און דערפילט מיטאַמאָל, אַז ער זיצט נעבן אַ שיינ מיידל, מע דאַרף עפּעס זאָגן דער מיידל, פּונקט ווי ער וואָלט זי ערשט דערזען — אַזוי זעט זי אויס פּריש פאַר זײַנע אויגן. עפּעס גיבן זיך אַ הוידע פאַר זײַנע אויגן אין הימל די שטערן, עפּעס גיט אים אַ ברי די לעוואָנע-שײַן, דאַן נעמט ער זי אַרום מיט ביידע הענט — ווי מע נעמט אָן אַ קול שטרוי און זאָגט:

— מאַשע, מעגסט מיר גלויבן, אַז איך האָב דיך ליב.

עפּעס האָט זיך אַ ריס געטאָן בײַ איר אין האַרצן... טויזנטער געדאַנקען פליִען איר אָן ווי אַ מעטעליצע אין קאָפּ.

— וואָס ענטפערן אים? — צי איז ער דער ריכטיקער יאַט? —

וואָס וועט זײַן מיט א צימער? — גייען דען שוין אוועק די מיידלשע יאָרן? — וואָס וועלן זאָגן מיליע און ציליע? — איז ער דער ריכטיקער יאָט?..

זי ענטפערט גאָרניט. אָבער זי טוליעט זיך צו צו אים. זי קוקט אפן הימל — אפן הימל זײַנען אָנגעקראָכן שווארצע וואָלקנס. בא אים צינדט זיך אָן דער פּאָנעם מיט איידעלן פלאַם פון ליבע. צום ערשטן מאָל האָט ער זיך אויסגעטשוכעט פון זײַנע מײַסעס און דערפילט נעבן זיך א שיין מיידל, גאָר א שיין מיידל, א וווּיל מיידל מיט שיינע אויגן, און סארא שיינע נאָז, און ס׳ארא שיינע פיס און הענט און אקסל!

ער האָט בעעמעס דערפילט א נײַ געפיל, אָבער ער האָט אים נאָך ניט געקאָנט אויסדריקן. ביז איצט האָט זיך בא אים גערעדט אזוי גלאט, און איצט גייט ניט, פונקט ווי ער וואָלט פארלירן די טעזיסן.

קעדיי איבערכאפּן דעם אָטעם און כאָטש עפּעס זאָגן, האָט ער א זאָג געטאָן, קוקנדיק גאָר אָנאזײַט.

— ס׳ארא מין לעוואָנע ס׳איז איצט!

עס האָט א ריס געטאָן בא איר אין הארצן, זי האָט א קוק געטאָן אפן הימל. וואָלקנס, ווי נאסע גרעט, הענגען איבערן קאָפּ, קיין זייכער פון קיין לעוואָנע. ער דריקט זיך שיין אויס, אָבער ער דריקט ניט אויס זײַנע געפילן. פּראזע, שיינע פּראזע.

מיטאמאָל זײַנען אלע טויזנט געדאנקען אנטרונען פון איר קאָפּ. פון זיי איז קיין געדעכעניש ניט געבליבן. איר איז פּלוצים קלאָר געוואָרן, אז ניט פון הארצן רעדט ער, נאָר גלאַט ער דעקלאמירט, ניט קיין פאנטאזיאָר איז ער — א ליגנער איז ער, ניט קיין ענטוזיאסט איז ער — א קאריעריסט, ניט קיין יוישער־זוכער — אן אינטריגאנט.

זי האָט שיִער ניט א געשריי געטאָן:

— וואָסער לעוואָנע? וועלכע לעוואָנע?..

אָבער אופגעהויבן זיך און אָפּגעזאָגט רויִק:

— א גוטע נאכט.

און אוועק מיט אַן איַילנדיקן גאַנג, וואָס לויט דעם שטעל פון די קנאַפּל איז קאָנטיק, אַז אַזוי אַוועקגייענדיק, קומט מען שוין ניט צוריק.

## 3

# אלטע

פינף אַלטע ייִדן מיט כאָרעווע מײַלער און אָפּגעטופּעטע פּיס. אַז זיי גייען אַלע פינף צוזאַמען אונטער דער לעוואָנע — דוכט זיך, אַז אַן אַלטע כורוועלע פון הינטער־שטאָט האָט זיך אַ לאָז געטאָן שפּאַצירן.

אַף דעם אָרט איז טאַקע מיט־אַ פּאָר טעג צוריק געשטאַנען אַ כאָרעווע שטיבל. זי איז מיטאַמאָל ניט געוואָרן. איצט איז דער פּלאַץ אָפּגעצאַמט, און אַ העלער מאַטאָווער עלעקטרישער לאַמטערן באַלײַכט די אָנגעהרובעטע רויטע ציגל.

אונטער דער שײַן פון דעם דאָזיקן לאַמטערן גייען זיי, די דאָזיקע פינף אַלטע ייִדן, און ס'דוכט זיך, אַז דאָס דוכט זיך גאָר אויס, וואָרעם זיי זענען אויס ווי ניט היגע, ווי אויפגעשטאַנענע פון קוואָרים, און אַפילע ריזשיק, דער שטילסטער הונט אין גאַס, בילט אַף זיי. זיי זענען פאַר אים אויס מעשונע פּרעמד.

פון דעם כאָרעווע בעסמעדרעש גייען זיי — מעכאַדעש זײַן די לעוואָנע. גייען פּאַמעלעך, דערנאָך שטעלן זיי זיך אָפּ האַרט נעבן אַ פּלויט, שטייען און שאָקלען זיך צו אַביסל, שטייען גאַנץ לאַנג, אַז עס נעמט דוכטן, אַז זיי שטייען שימענעסרע נעבן פּאַרקאַן. זיי וואַרטן, קאָנטיק, אויס אַפּן ראָוו, ביז ער וועט ענדיקן, פּונקט ווי מע וואַרט אַף אים אויס מיט דער הויכער שימענעסרע.

דערנאָך גייען זיי זיך פּאַמעלעך ווײַטער. זיי גייען צו צום טײַכל און וואַשן די הענט אין לעוואָנע־וואַסער, און אַנטקעגן לעוואָנע דוכט אויס, אַז אַף די נאַסע פינגער איז בײַ זיי געבליבן לעוואָנע־פאַרב. דאָס גלאַנצן די שפּורן פון פאַרגעלטן שמעק־טאַבעק אַף די פינגער.

דערנאָך שטעלן זיי זיך אוועק שפּרינגענדיק אַנטקעגן דער לעוואָנע. בא די קינדער, וואָס גייען פאַרביי, איז זיי רעכט, אַז זיי טאַנצן עס.

דערנאָך שטעקן זיי איינע די אַנדערע די הענט. שאָלעם־אַליכעם, אַליכעם־שאָלעם. דערנאָך שמעקן אַלע טאַבעק פון פּושקעלע, ניסן און זאָגן זיך „צו געזונט״.

שטעקן אַריין די נעזער אין גרויסע נאָז־טיכער, ווישן זיך אויס די שפּאַקולן.

נאָכן אויסווישן די שפּאַקולן, גיט דער ראָוו ווידער א קוק אַפן הימל, קוקט לאַנג, און דערנאָך זאָגט ער פאַמעלעך אָפּ:

— ייִדן, עפּעס זע איך, ווי עס ווייַזט זיך נאָך א לעוואָנע אַפן הימל, קאָן עס געמאָלט זיין צוויי לעוואָנעס?

זיי פאַרשטעקן אַלע די בערדלעך צום הימל. די בערדלעך, ווי טעלעסקאָפּן, קוקן אַפן הימל. איינער א טאַמעוואַטער ייִדל גיט זיך א זאָג:

— מאַשמאָעס, אַז ס׳איז צוויי לעוואָנעס.

— אָט האָסטע דיר, — גיט א מאַך דער ראָוו מיטן האַנט — דאָס, וואָס מיר האָבן מעכאַדעש געווען, איז גאָר די נייַע עלעקטרישעסקע לאַמטערנע פון דער פאַסטראַיקע.

די בערדלעך שטעקן נאָך אַלץ צום הימל.

— א בראָכע לעוואַטאָלע, — האָט דער ראָוו א מאַך געטאָן מיטביידע הענט, און די שווער טראַכטנדיקע אויסגעדאַרטע מויכעס האָבן דאָסמאָל, ווי אַלע מיטאַמאָל, פילדייַטיק א טראַכט געטאָן, יעדערער אין זיך, אַז דער ראָוו מיינט דערמיט אי זיך, אי זיי אין זייער גאַנצער עקזיסטענציע.

# א לאָקש אפ דער באָרד

(א מײַסע פֿונ אמאָליקע יאָרנ)

אלײנ געדענק איכ ניט די דאָזיקע מײַסע, װײַל זי איז פּאָרגע־קומענ מיט הונדערט יאָר צוריק, אונ עפּשער נאָכ מער. אונ דאָס האָט מיר מײַנ עלטער־באָבע דערצײלט, אונ מיסטאָמע איז עס אנ עמעס, װײַל מײַנ עלטער־באָבע איז געװענ 105 יאָר, בײס זי האָט מיר דערצײלט די דאָזיקע מײַסע. עפּעס שטעל איכ זיכ ניט פֿאָר, אז אז אנ אלטע באָבע זאָל גײנ א יאָר פֿארנ שטארבנ אויסטראכטנ ניט געשטויגענע באָבע־מײַסעס.

געשענ איז עס אינעם שטעטל ביבעטשקע. דאָרט האָט מײַנ באָבע אלײנ געלעבט. די, װאָס האָבנ געלעבט אינ ביבעטשקע, האָט מענ גערופֿנ „ביבעטשקער נאראָנימ" — דערפֿאר, װײַל דאָס שטעטל שטײט אפ בערג — אונ דער ברונעמ מיט װאסער שטײט אונטנ. (אינ די בערג קענ מענ ניט גראָבנ קײנ ברונעמ, װײַל מע װאָלט דארפֿנ גראָבנ זײער טיפֿ). האָט מענ די ביבעטשקער אָנגערופֿנ נאראָנימ דערפֿאר, װאָס מיט די לײדיקע עמער, װענ ס'איז גרינג צו גײנ, גײענ זײ אראָפּ א בארג, אונ מיט פֿולע שװערע עמער גײענ זײ ארופֿ א בארג.

מיסטאָמע זײַנענ זײ טאקע ניט געװענ קײנ גרויסע כאכאָמימ, אויסער מײַנ עלטער־באָבענ, פֿארשטײט זי.. זי איז טאקע געװענ א קלוגע יידענע. אפ אָפּלעבנ 106 יאָר באדארפֿ מענ האָבנ סײכל.

אז זײ זײַנענ טאקע געװענ נאראָנימ, װעט איר אלײנ דערזענ פֿונ דער מײַסע, װאָס איכ דערצײל אײַכ.

אינ ביבעטשקע האָט געלעבט אײנער א ייִד, האָט ער געהײסנ יעקל דער קלוגער, װײַל ער איז געװענ דער קליגסטער אינ שטעטל אונ האָט געקענט כעזשבנ, װיפֿל איז דרײַ מאָל פֿיר. דערפֿאר איז ער־

טאקע ארומגעגאנגען מיט א זעקל סכוירעס האנדלען איבער די דערפער. פינגערלעך פלעגט ער פארקויפן, נאָדלען, מעסערלעך, טיכלעך און נאָך אזעלכע זאכן.

איינמאָל איז ער אוועק צופוס, פופציק ווערסט (קיין באן איז נאָך ניט געגאנגען) אין דער נאָענטער שטאָט איינקויפן סכוירעס.

— איך האָב פאר אייַך א שפּאָגל־נייַע זאך, — האָט אים געזאָגט מיכל, דער קרעמער פון דער גרויסער שטאָט, — קוקט נאָר אָן.

יעקל האָט אָנגענומען אין האנט א זאך, עפּעס ווי א גלעזערנער טאָוול. ער האָט אַפּ דעם א קוק געטאָן און א כאַפּ געטאָן זיך פארן קאָפּ:

— אוי, רעב מיכל, ס'איז דאָך מייַן טאטע!

ער האָט טאקע דערזען אינעם גלעזערנעם טאָוול א ייִדן מיט א גרויסער, לאנגער באָרד, פונקט זייַן טאטע, ס'זאָל פעלן א האָר. ער האָט נאָך אַפּ זייַן לעבן קיין שפּיגל ניט געזען, דערפאר האָט ער אפילע ניט געוווסט, וויִאזוי ער אליין זעט אויס. זייַן טאטן האָט ער אָבער פארגעדענקט, און ער האָט געכאַפּט דעם אָנבליק ווי זייַן טאטע.

דער קרעמער האָט גלייַך פארשטאנען, אז ער האָט צו טאָן מיט א ייִדן פון ביבעטשקע, האָט ער א שמייכל געטאָן.

— איר הערט, רעב מיכל, — האָט זיך יעקל א כאַפּ געטאָן, — איר מוזט מיר פארקויפן מייַן טאטן, ס'וועט מיר אַפּ אייביק בלייַבן אן אָנדענק פון אים. זאָגט מיר, וויִאזוי האָט איר דאָס פון אים א צורע? (אין ביבעטשקע זאָגט מען אַפּ א פּאָנעם צורע).

א כיטרער איז געווען דער קרעמער — דערפאר האָט ער אים גלייַך אָפּגעהאקט א ליגן:

— איר פארשטייט, רעב יעקל, — האָט געזאָגט דער קרעמער, — אייַער פאָטער, אונדז צו לאנגע יאָר, (אזוי פלעגט מען זאָגן, בייס מע פלעגט דערמאָנען א געשטאָרבענעם) פלעגט פארפאָרן צו אונדז אין שטאָט, און בא אונדז איז דאָ פאראן רעב שמעלקע, זאָל לעבן, איז ער א גרויסער בעריע אַפּ אראָפּמאָלן מענטשן, האָט ער אראָפּגעמאָלט אייַער טאטן.

— איך גיב אײַך א רובל און גיט מיר אָפּ מײַן טאטן (דאָס שפּיגעלע האָט דעמאָלט געקאָסט אינגאנצן צוויי קאָפּיקעס).

— וואָס רעדט איר, א רובל, דאָס האָט דאָך רעב שמעלקע א גאנצן יאָר געארבעט אָפּ דעם, יעדער האָר פון באָרד דאַרף מען דאָך אראָפּמאָלן באזונדער. וואָס רעדט איר, איר האָט גאָר קיין האסאָגע ניט, וואָס דאָס איז ווערט!

— צוויי רובל!

— אז איר ווייסט ניט קיין מעקעכ.

— פינף רובל!

— וואָס רעדט איר, אז איר האָט קיין באגריף ניט, וואָס פארא טײַערע זאכ דאָס איז!

פופצן רובל האָט דער קרעמער בא אים אויסגענארט פאר דעם 2-קאָפּיקענעם שפּיגעלע.

פארן אוועקגיין האָט אים דער קרעמער פארזאָגט, ער זאָל עס קיינעם ניט ווײַזן, ווײַל אז מען קוקט אסאך אָפּ דעם, קוקט זיכ עס אָפּ. א כיטרער קרעמער — אז נאָכ מענטשן וועלן אים דערזען, קאָן מען זיכ נאָכ כאפּן, אז ער האָט אָפּגענארט יעקלען.

דעם גאנצן וועג איז יעקל געגאנגען און געכאפּט א קוק — קיינער זאָל ניט זען — אפן שפּיגל. דער טאטע, מיט אלע זײַנע פּיטשעווקעס.

אז ער איז געקומען אהיים, האָט ער עס פארבאהאלטן אין קאָמאָד, און דעם שליסל האָט ער געהאלטן בא זיכ. אלע טאָג פלעגט ער זיכ צוגאנווענען און כאפּן א קוק אפן טאטן. ער האָט זיכ גאָרניט געקענט אָנקוקן. יעדער האָר איז אָנגעמאָלט באזונדער, זאָל פעלן א האָר! און איינמאָל האָט ער אפילע באמערקט, אז אפילע די לאָקש אפן באָרד איז אויכ פאראן. ער געדענקט טאקע, אז זײַן טאטע האָט זייער ליב געהאט לאָקשן, און שטענדיק פלעגט ער ארומגיין מיט א לאָקש אפן באָרד.

ביז זײַן ווײַב, נעכע די קלוגע (איר האָט מען גערופן קלוגע נאָר דערפאר, ווײַל דער מאן האָט געהייסן קלוגער), האָט גענומען

באמערקן, אז יעקל פאָרעס זיך עפּעס אַלע טאָג באַם קאָמאָד, שלעפּט עפּעס פונ דאָרט אַרויס אונ קוקט אַף דעם, פאַרבאַהאַלטענערהייט. זי האָט זיך זייער פאַרטשיקאַוועט וואָס קען עס זיין. אז ער ווייזט ניט, דאַרף מען אַליין א קוק טאָן — וואָס פאַרא סוידעס קענ עס האָבנ א מאַנ פונ דער ווייב?

זי האָט אַרויסגעשלעפּט דעם טאַוול פונ קאָמאָד אונ גענומען קוקנ. אזויווי זי האָט גענומען קוקנ, אזוי האָט זי שוינ געקוקט אונ געקוקט. יעקל האָט זיך שוינ לאַנג אופגעכאַפּט, אונ זי קוקט נאָך אַלץ.

— וואָס קוקסטו אזויפיל? — האָט זיך יעקל א כאַפּ געטאָנ גלייך פונ שלאָף, — קאָנסט דאָך גאָר איינגאַנצנ אויסקוקנ!

— א שיינער מאַנ, — האָט זיך נעכע אָנגעצונדנ, אונ דער פּאָנעם איז באַ איר געוואָרנ רויט ווי א בורעק — א מאַנ פונ א ווייב מיט קינדער האָט זיך אַראָפּגעבראַכט פונ שטאָט א פרעמד ווייבל אונ קוקט טאָג־איינ טאָג־אויס אַף דעם! אוי, קינדערלעך מיינע, — האָט זיך נעכע פאַנאַנדערגעוויינט. — יעסוימימלעך זיינט איר געבליבנ, איר האָט שוינ קיינ טאַטנ ניט, א פינצטערנ לעבנ האָט איר שוינ. גיט נאָר א קוק אונ זעט, וואָס פאַר א ווייבל ער האָט זיך אַראָפּגעבראַכט!

— וואָס פאַר א ווייבל, וואָס פאַר א קאָטשערעס, וואָס פאַר א פּאָמעלעס, — האָט זיך יעקל פאַנאַנדערגעשריען, — ס'איז דאָך מיינ טאַטע אָנגעמאָלט!

— ס'איז דיינ טאַטע? — האָט זיך נעכע נאָך מער אָנגעצונדנ אונ געכאַפּט יעקלענ פאַרנ באָרד, — א טאַטע אָנ א באָרד אונ אָנ וואָנצעס אונ מיט אוירינגלעך אַף די אויערנ אונ מיט א טיכל איבערנ קאָפּ. אָך אונ וויי צו דיינ טאַטנ, א שיינעם פּאָנעם האָט דיינ טאַטע, וויי איז מיר, ווינד איז מיר!

— וואָס, די אויגנ זאָלנ מיר אַרויסגעקראָכנ, — האָט זיך צעקאָכט יעקל, — וואָס איך זע ניט? מיט א באָרד אונ מיט וואָנצנ, אונ א סימענ האָסטע, א לאָקש אַף דער באָרד!

— לאָקש, בוידעם, ציבעלע, איך ווייס ניט, ווער איז משוגע: איך, צי מיינע סאָנים, איכל לויפנ צו מענטשנ, זאָלנ מענטשנ זאָגנ!

נעכע האָט גענומען קלאַפּן אין וואַנט צו דער שכיינע:

— זלאַטע, זלאַטע לעבן, קומט אַרײַן, האָט גאָט אין האַרצן, קומט אַרײַן.

די שכיינע זלאַטע, וואָס האָט א גרויסע גוליע אין שטערן, איז אַרײַנגעקומען.

— זלאַטע לעבן, א וויסטע, פינצטערע אַלמאָנע בין איך געבליבן, איך האָב שוין קיין מאַן ניט, א פינצטערן לעבן האָב איך שוין, גיט נאָר א קוק אהער און זאָגט מיר, צי ס'איז מיט וואָנצן, צי אָן וואָנצן, צי ס'איז א טאַטע, צי א ווײַבל, טוט נאָר א קוק אפ דער יידענע, וואָס מײַן שײנער מאַן האָט זיך אויסגעזוכט.

זלאַטע האָט א קוק געטאָן אין שפּיגל און האָט זיך גלײַך דערקענט, וואָרעם זי האָט גאַנץ גוט געוווּסט, אַז אויסער איר האָט קיינער ניט אין שטעטל אַזא גוליע אפן שטערן. אפריער איז זי געוואָרן בלייך, דערנאָכדעם רויט, דערנאָכדעם געל, דערנאָך גרין. דערנאָך האָט זי זיך פאַנאַנדערגעוויינט:

— אַז איך וויים ניט פון וואָס צו זאָגן, וואָס האָט איר צו מיר, איך האָב זיך מיט אײַער מאַן קיינמאָל ניט געטראָפן און וויל זיך ניט טרעפן, וואָס פאַרא שפּיל פּראָוועט מען דאָס מיט מיר, ווי קומט עס צו אים מײַן צורע, וואָס איזדעקעוועט ער זיך איבער אַן ערלעכער יידענע. איר פאַרשוואַרצט דאָך מיר די צורע, ווײ איז מיר.

און אַזוי ווי זי איז אַן אָנגעצונדענע יידענע, ווערט גיך אינקאַעס, האָט זי זיך געוואָרפן שלאָגן.

— א, — האָט זיך נעכע א כאַפּ געטאָן — אפן גאַנעוו ברענט דאָס היטל — איך האָב גאָרניט דערקענט, איך האָב זיך גאָרניט געכאַפּט, אַז דאָס ביסטו, האָסטו זיך אַליין אַרויסגעגעבן, נאַ, וועסטו זען, וואָס מע כאַפּט פאַר אָפּשלאָגן א מאַן פון א ווײַב מיט קינדער!

די ווײַבער האָבן זיך אָנגעכאַפּט אײנע די אַנדערע פאַר די פּאַריקן (אַמאָל פלעגן די ווײַבער אָפּשערן די אײגענע האָר און טראָגן פּאַריקן), אָפּגעריסן זײ און געבליבן מיט הוילע קעפּ. דערנאָך האָבן זײ זיך געכאַפּט פאַר די נעזער, דערנאָך האָבן זײ זיך געביסן,

געדראפעט און געפּיצלט. יעקל האָט זיך אויך אריַינגעמישט אין געשלעג און געכאַפּט קלעפּ. און נאָכן געשלעג זיַינען בא נעכען געבליבן צוויי גרויסע גוליקס אפן שטערן, און בא יעקלען א גרויסע מאַקע אפן נאָז.

דאָס שפּיגעלע האָט זיך צעבראָכן אף שטיקלעך בייַסן געשלעג. נאָך אז נעכע האָט דערנאָך אופגעהויבן א שטיקל שפּיגל, האָט זי דאָרטן דערזען זיך, איצט האָט זי זיך גוט דערקענט: צוויי גוליקס אפן שטערן האָט קיינער ניט אין שטעטל. יעקל האָט אויך אופגעהויבן א שטיקל שפּיגל און האָט זיך אויך דערקענט — קיינער אין שטעטל האָט ניט אזא מאַקע אפן נאָז.

דאן האָבן זיי באשטימט, אז דאָס אלץ וואָס געווען איז פארפאלן, מיטן ווינט אוועק, מיטן וואסער פארשווענקט. דאָס איז געווען, גאָט באהיט, קישעף, מע דארף עס אף ווייַטער גאָרניט איבערענגען איבער די ליפּן.

יעקל מיט נעכען האָבן שוין דערנאָך אויסגעלעבט דאָס לעבן גוט איינע מיט די אנדערע, יעקל האָט טאַקע אויך אָפּגעלעבט בא א יאָר נייַנציק, נאָר קליגער איז ער ניט געוואָרן. אמאָליקע יאָרן, אינעם שטעטל ביבעטשקע, האָט מען געקאָנט אָפּלעבן הונדערט יאָר און ערשט אוועקשטארבן ווי א נאר.

דאָס איז נאָר מיַין באָבע האָט זיך צופעליק איַינגעגעבן א קלוגע.

# ט י מ אָ כ   פּ אָ ד אָ ב ע ד

אָבער אָט האָט געטראָפן בא דעם אלטן טימאָכ פּאָדאָבעד דאָס, וואָס ערגער קאָן ניט זײַן. דעם 16־טן סענטיאבער האָט מען רעקוויזירט זײַן אײנציק בעהײמעלע, וועלכע ער האָט געהאָדעוועט מיט גאָטס ניסים. מע האָט זי איבערגעטריבן אין פּאָרעצס שטאל, ווו עס שטײען אסאכ רעקוויזירטע בעהײמעלעכ.

א גאנצן אָוונט האָט זיכ טימאָכ פּאָדאָבעד געדרײט ארום שטאל. עפּשער גאָר אונטערצײנדן אים. זאָל ער אָפּברענען מיט א העלישן פײַער. אזא פינצטערער לעבן, זאָל כאָטשע א ווײַלע ליכטיק ווערן. א ווײַלע וועט ליכטיק זײַן, דערנאָכ וועט אָנקומען דער אפּ שטענדיק פינצטערער סאָף. דערנאָכ האָט ער א טראכט געטאָן ניט וועגן דעם, אז ער איז שוין שטארק אלט, אויסגעדײוועדט און אויסגעמאטערט און אז ער וואָלט קײנמאָל נישט געקאָנט אופקלײַבן אין זײַן כאָרעווון קערפּער כאָטש א ביסעלע מוט אפּ אויספירן זײַן נעקאָמע-אקט — ער האָט א טראכט געטאָן וועגן דעם, אז שוין מער ווי א וואָכ, אז ער האָט ניט קײן אײנ שוועבעלע.

ער האָט זיכ אוועקגעלײגט אין בעט און געקרעכצט ווי א מענטש, וואָס האלט בא שטארבן. און ארום האָבן די יינגערע זין, טעכטער, שניר, מעכוטאָנים געווײנט. עפּשער צוואנציק מענטשן זײַנען געווען אין שטוב, און אלע זײַנען זיי געווען עלנט, באזונדער און אלעמען האָט דער עלנט פארבונדן צוזאמען. די גאנצע כאטע איז פול ווי א בעכער מיט אומגליק פון מענטשן. צעעפענען די פענצטער, ער זאָל זיכ צעגיסן, דער אומגליק, אפּן ארום, איז איבעריק. ארום זײַנען

געשטאַנען נאָך כאַסקעלעך, אויך פאַרפולטע, ווי קאָנסערווןֿ־שאַכטלעך, מיט מענטשלעכן אומגליק.

אין דער נאַכט האָט זיך טיטאַכן אויסגעוויזן, אַז דער הימל לייגט זיך שוין אָפּ דער ערד. באַ אַן אָרעמען מענטשן טרעפט אָפּט מאָמענטן, ווען עס דוכט זיך, אַז מע איז אָנגעגאַנגען אַף אַ הויכער שוואַרצער וואַנט און מע מוז זיך צעקלאַפּן דעם קאָפּ.

ערשט מיט אַ פּאָר טעג צוריק האָט מען קאָנפיסקירט זײַן קליינע געריעטעניש פון די מאָגערע צוויי העקטאַר.

דערנאָך האָט מען מאָביליזירט זײַנע דרײַ עלטערע זין. ס׳איז נאָך עלנטער געוואָרן אין שטוב.

נאָר ערגער ווי איצטער קאָן שוין ניט זײַן. איצט בלײַבט טימאָך פּאָדאָבעדן נאָר מאַכן אַ סאָף צום לעבן. וואָסי, מע קאָן לעבן אָן ערד, אָן די זין, וואָס זײַנען די איינציקע פּאָדפּאָרע, אָן דער בעהיימעלע?

אַזוי איז ער געלעגן אין בעט און איז אַביסל אָנגעדרימלט געוואָרן. און אַ שווערער חלום האָט זיך אים געחלומט: אַז ער ליגט אין בעט שוין עטלעכע יאָר און קאָן ניט שטאַרבן. ווי ער האַלט שוין נאָר באַ שטאַרבן, דערפילט ער זיך זייער שלעכט און שוואַך און האָט קיין קויעך ניט צו שטאַרבן. און דערנאָך ווערט אים ווידער בעסער, און ווען עס ווערט אים בעסער, פאַרלירט ער ווידער דעם קויעך.

נאָך מיסטאָמע, טראַכט ער, וועל איך אינגיכן שטאַרבן, וואָרעם דאָס גאַנצע לעבן נעמט דורכגיין פאַר זײַנע אויגן. דאָס טרעפט נאָר פאַרן טויט. און ער כאַפּט זיך, אַז דאָס גאַנצע לעבן זײַנס איז געווען איין שטיק עלנטקייט.

ער האָט געהאַט אַ ווײַב, קינדער, שניר, איידעמס, מעכוטאָנים, קרויווים, באַקאַנטע, כאַווערס, שכײנים, אַזויפיל לעבעדיקע און טויטע זאַכן זײַנען געשטאַנען אַרום אים, און דאָך איז ער געווען עלנט, זייער עלנט...

עלנט ליגט ער איצטער אין בעט. אַן אַנדערשמאָל, דערמאָנט ער זיך, פלעגט ער אַפילע אַ לאַך טאָן, ווען מע פלעגט דערציילן אַ וויץ וועגן קסיאָנדז. וועגן קסיאָנדז און

ווײַבער זײַנען פאראַן אַסאַך וויצן. אַן אַנדערשמאָל פלעגט ער אפילע א ווײַנ סאָנ, ווען ס׳פלעגט שטאַרבן א קאָרעוו. ער איז שוין אַן עלטערער מענטש, און זײַן גאַנצער דאָר האָט געגומען אויסשטאַרבן פאַר זײַנע אויגן. ער האָט, דאַכט זיך, געהאַט אַלע געפילן פון א מענטשן, נאָר איין געפיל האָט געהערשט איבער אַלע.

אָט דער זעלבער געפיל פון עלנטקייט, וועלכן ער פילט איצט, ליגנדיק אין בעט.

אַז ער איז געווען א באָכער, איז ער געווען עלנט. דערנאָך האָט ער כאַסענע געהאַט און געבליבן עלנט. די ווײַב מאַלאַניע איז נאָך פון אַמאָל א גרויסע שווײַגערן. דער פּאָרעץ האָט זי זייער באַליידיקט פאַר דער כאַסענע, און ער אַליין האָט זי דערפאַר זייער באַליידיקט נאָך דער כאַסענע. שווײַגנדיק, האָט זי פאַרשאָטן די ענגע, בידנע, קליינע כאַטע מיט שרײַענדיקע קינדער. און ער איז געבליבן עלנט אפילע, ווען זיי זײַנען אַביסל אונטערגעוואַקסן, וואָרעם ער איז שטענדיק געווען אַן אָרעם־פּויער. און איידער קינדער דערוויסן זיך ווער איז שולדיק אין זייער אָרעמקייט, מיינען זיי, אַז דער טאַטע איז שולדיק, וואָס ער האָט נאָר צוויי העקטאַר ערד און צאָלט עטלעכע צענדליק סאָרטן שטײַערן.

ער ליגט אין בעט, קוקט זיך ארום אַפּ אַלע באַקאַנטע פּענעמער, און עס דוכט זיך אים, אַז אַלץ איז אים אַזוי אומקלאָר און אומבאַוווּסט. דאַכט זיך, ס׳איז מאַלאַניע, פאַלאַשקע, אַגאַטע. ווער ווייס, צי ס׳איז מאַלאַניע, פאַלאַשקע, אַגאַטע. וואָס, די אויגן זעען צי ניט? האָבן די אויגן אַמאָל געזען צי ניט?..

ווי שוואַך עס אַרבעט ניט זײַן געדאַנק, אָבער דאָך כאַפּט ער זיך, אַז זײַן גאַנצע לעבן איז געווען פאַר אים אומקלאָר און אומבאַוווּסט. ער האָט אפילע ניט געוווּסט, צי איז ער טאַקע א ווײַסרוס; דער פּאָרעץ האָט געזאָגט, אַז קיין ווײַסרוסן זײַנען ביכלאַל ניטאָ. צי איז ער א פּויל: דער שאָכן, דער אָסאַדניק, זאָגט, אַז אַזא פינצטערער נעפּעש ווי ער, קאָן ניט זײַן קיין עמעסער פּויל. צי איז ער א פּראַוואָסלאַוונער, צי איז ער א קאַטויל. ער איז

געגאנגען אין קאָסטיאָל, נאָר דאַכט זיך, אַז זײַן טאַטע און ער זײַנען אַמאָל געווען פּראַוואָסלאַווגע; אַפּ וואָס פאַר אַ שפּראַך האָט ער גערעדט, ווייס ער אויך ניט. אַ גאַנצע וואָך איז עס ענלעך געווען אַפּ ווײַסרוסיש, זונטיק כאַפּט עס אַביסל ענלעך אַפּ פּויליש. און צי איז דאָס גאַנצע לעבן זײַנס אַ לעבן, צי אַ וויסטע אָפּקומעניש? דאָרט הינטער דער סאָוועטישער גרענעץ, זאָגט מען, לעבן די פּויערים אַ לעבן.

איצט, ליגנדיק אין בעט, אין פיבער, ווערן אַסאַך בילדער פאַר זײַנע אויגן געדיכטער און בוילעטער. טויזנטער פּאַנעס, פּריצים, אָסאַדניקעס, קסיאָנדזן הייבן זיך אויף פאַר זײַנע אויגן. מיט ווילדע קוילעס און מיט גרויזאַמע פּענעמער שטעלן זיי זיך אויס אַנטקעגן דעם דאַרן, אויסגעמאַטערטן פיוער טימאָך און פאַרשטעלן פאַר אים די זון פון מיזרעך. זיי שרײַען און ליאַרעמען: ס'איז אַ ליגן, אַ ליגן, ניט פון מיזרעך גייט אויף די זון.

באַנאַכט האָט מען געגומען שטאַרק קלאַפּן אין טיר. די טיר האָט מען אויפגעריסן, איידער מע האָט באַוויזן עפענען, און עס זײַנען אַרײַן עטלעכע פעלד־זשאַנדאַרמען. די עלטערע זין זײַנען אַנטלאָפן פון פראָנט. דעזערטירן פון דער „העלדישער" אַרמיי, וועלכע טרעט אַזוי רומפול אָפּ, וואָס האָט צו זיך קיין גלײַכן אין דער געשיכטע. צי באַהאַלטן זיך דאָ ניט די זין?

מע האָט אים, טימאָכן, אַ צי געטאָן פון בעט אַראָפּ, צי איז ער ניט קיין פאַרגרימירטער זעלנער, און מע האָט אים געהייסן אויפשטיין. האָט ער געזאָגט, אַז ער האָט קיין קויעך ניט. האָבן זיי אַרויסגעשלעפּט פון שטוב די צוויי יינגערע זין, און טימאָך איז געבליבן אין בעט. אַ מינוט צום טויט.

און פאַרטאָג האָבן זיך דערהערט הורא־געשרייען. די שניר זײַנען אַרויסגעלאָפן אויף גאַס. זיי זײַנען באַלד אַרײַנגעלאָפן אַסאַך שענערע ווי מיט אַ מינוט צוריק — קיינער וואָלט זיך גאָרניט גע־ריכט, אַז זיי קאָנען גאָר אויסזען שענער — און אין איין קאָל אויסגעשריען:

— די רויטע אַרמיי איז געקומען!

אין איין מינוט זײַנען אַלע זייערע קעפּ פאַרבונדן געוואָרן אין רויטע טיכלעך. קיינער וואָלט גאָר קיינמאָל ניט געוווּסט, אַז זיי האָבן רויטע טיכלעך.

און קיינער וואָלט זיך גאָרניט גערעכט, אַז אין טימאָכס שטאַרק אַלטן, אויסגעדאַרטן און אויסגעמאַטערטן קערפּער האָט זיך פאַרוואָל־גערט אַביסל קויעך און מוּת, און אַז ער זאָל אַזוי בליצשנעל, קימאַט יונג, קאָנען זיך אופהייבן פון זײַן טויטן בעט. ער איז באַלד אַרויס־געלאָפן נאָך די דרײַ רויטע טיכלעך, און אַנטקעגן די רויטע טיכלעך זײַנען געפאָרן עסקאַדראָנען רויטע קאַוואַלעריע.

און אַנטקעגן דער רויטער קאַוואַלעריע זײַנען אַרויס אַסאַך, אַסאַך פרויען אין רויטע טיכלעך און מענער מיט רויטע סטענגעס אַפּ די העמדער, אַפּ די צעלעכערטע קורטקעס. און עס זײַנען אָנגעקומען די הייליקע, איינציקע אין לעבן מינוטן, ווען מיטאַמאָל פליט אָן דער טרוים פונדערווײַטנס אַפּ הייסע פערד. און ס'ווײַזט זיך אַרויס, אַז ס'איז וואָר. די אומ־שטערבלעכע מינוטן, ווען דאָס האַרץ באַוואַשט זיך מיט גליק און די אויגן מיט לויטערע טרערן. די איבערפולטע מינוטן, ווען מע טוט זיך אויס פון אַ שמאַטאָווע, פאַרברודיקט, פאַרפּײַניקט לעבן און מע דערפילט, אַז מע וועט באַלד אָנטאָן אַפּ זיך אַ נײַ, אַ זויבער, ליכטיק לעבן.

און די מענטשן אין שינעלן זײַנען אַראָפּ פון די פערד, און די פרויען אין רויטע טיכלעך האָבן זיי געהאַלדזט און געקושט, ווי ברידער־באַפרײַער.

די רויטאַרמייער אַפּן וואָר האָבן געטאַנצט מיט די רויטע־טיכלעך און דערציילט, און נאָכגעפרעגט, און גענומען קווייטן, און ווער עס האָט געהאַט אַן איבעריקן שטערנדל, האָט אים אָפּגעגעבן, און געשמייכלט און געלאַכט.

טימאָך איז גלײַך אַוועק זוכן דעם הויפּט־קאָמאַנדיר. ער מוז אים גלײַך דערציילן, אַז ער איז אַזוי אַלט און ער האָט נאָך ניט געלעבט.

ער מוז זיך בא אים דערוויסן, צי ס'איז דאָ א האָפענונג אַפ ווײַטער צו לעבן.

— ווו איז דער הויפט־קאָמאנדיר? — האָט ער געפרעגט באַם נאָענטסטן רויטארמייער.

— אָט זיצט ער! — האָט אים דער רויטארמייער געוויזן אַפ איינעם צווישן א גרופּע רײַטער.

ער איז געבליבן אַפ אן אָרט און ט'זיך מער ניט דערנעענטערט צו דער דאָזיקער גרופּע. עפּעס האָט זיך אים אויסגעדוכט, אז דער קאָמאנדיר טיילט זיך מיט גאָרניט ניט אויס פון די רויטארמייער, וואָס ארום אים. עפּעס האָט זיך אים אויסגעדוכט, אז דער רויט־ארמייער, וואָס שטייט הארט לעבן אים, האָט גאָר א מער פּריצישן פּאָנעם, און ס'קאָן זײַן, אז יענער איז דער קאָמאנדיר.

ער האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און איז דאָך צוגעגאנגען. ער האָט געוואָלט גלײַך זאָגן, אז ער איז שוין אזוי אלט און האָט נאָך קיינמאָל ניט געלעבט, און צי איז פאראן א האָפענונג אַפ לעבן ווײַטער, נאָר אָנשטאָט דעם האָט זיך בא אים ארויסגעריסן פון מויל:

— דאָס איינציקע בעהיימעלע האָט מען בא מיר נעכטן צוגענומען.

— ווו איז זי? — האָט שמייכלענדיק געפרעגט דער קאָמאנדיר.

— באַם פאָרעץ אין שטאל, אָט איז די שטאל, דאָ אנטקעגן.

— טאָ גיי און נעם זי צו, — האָט געזאָגט דער קאָמאנדיר.

דאַן האָט טימאָך באשטימט, אז ס'איז געווים ניט דער קאָמאנדיר. א גרויסער קאָמאנדיר וועט ניט גיין שפּאסן פון אן אלטן מענטשן. דער רויטארמייער, וואָס שטייט לעבן אים, האָט שוין א מער פּריצישן פּאָנעם.

— עפּשער לאכסטו, יונגערמאן, איך'ל גיין פרעגן באַם גלאַוונעם קאָמאנדיר.

—

— איך בין דער גלאַוונער קאָמאנדיר, — האָט ער ווידער געשמייכלט, — גלייבסט מיר ניט, אלטינקער, עפּעס זע איך אויס צו פּאָשעט, יאָ?

און פּלוצים האָט זיך צעטראָגן א קאָמאַנדע פון דעם דאָזיקן קאָמאַנדיר:

— עסקאַדראָנען, אַפן די פערד!

אין איין אויגנבליק האָבן זיך הונדערטער רויטאַרמייער אַרופגעכאַפּט אַף די פערד און אויסגעשטעלט זיך אין גלײַכע רייען. אַנטקעגן זיי איז געבליבן נאָר דער קאָמאַנדיר און דער אַלטיטשקער טימאָך.

א פּאַראַד פון דער אַרבעטער־פּויערישער רויטער אַרמיי פאַר באַפרײַונג האָט זיך אויסגעשטעלט אַנטקעגן דעם אַלטן טימאָך. ווען ער איז ניט אַזוי אַלט, אויסגעדאַרט און פאַרפּײַניקט, וואָלט זיך אים אויסגעדוכט, אַז ער, דער אַלטער טימאָך, נעמט אָפּ א פּאַראַד פון דער רויטער אַרמיי, וואָס אין דער ווירקלעכקײַט איז דאָך עס טאַקע אַזוי.

— גיי און נעם אָפּ דײַן בעהיימעלע, — האָט זיך ווידער געווענדט צו אים דער קאָמאַנדיר, שוין זיצנדיק אַפן פערד, — נאָך אַסאַך פּויערים נעמען דאָרט צו זייערע בעהיימעלעך.

דער אַלטער טימאָך איז אַוועק נאָך זײַן בעהיימעלע.

אין א מינוט פינף אַרום האָט ער זיך אומגעקערט מיט זײַן בעהיימעלע צוריק אַפן פּלאַץ. ער האָט זיך אַרומגעקוקט, — ערשט ניטאָ, אַוועקגעריטן די רויטע עסקאַדראָנען.

פּלוצים איז אים אײַנגעפאַלן, אַז אַף אייביק זײַנען אַוועקגעריטן די רויטע עסקאַדראָנען, און דאָס בעהיימעלע וועט מען צוריק צונעמען.

איז דאָס געווען א כאָלעם? ווו זײַנען זיי, די רויטע עסקאַדראָנען? ווידער האָט אים אַרומגעכאַפּט זײַן אייביקער עלנט. עלנט געווען און עלנט געבליבן.

אים איז אָבער אײַנגעפאַלן צוגיין צו דער גמינע. דאָרט וועט ער זיך דערוויסן. ס'איז עפּשער א ריזיקע צוגיין אַהין? מע וועט צונעמען גלײַך דאָס בעהיימעלע און די האָפענונג. ניין, מע מוז אָבער צוגיין.

ער איז צוגעגאַנגען און דערהערט קוילעס פון יענער זײַט טיר. אַפריִער האָט ער דערהערט דעם קאָל פונעם וויט. אים האָט אָפּגעריסן אין האַרצן: דער אַלטער וויט. דערנאָך האָט ער אָבער

דערהערט פון יענער זײַט טיר אַן אומבאַקאַנטע שטים. דערנאָך האָט זיך אַרויסגערוקט אַ האַנט פון דעם צעבראָכענעם פענצטערל פון איבער דער טיר און אַרויסגעהאַנגען אַ רויטע פאָן, אָנשטאָט דער ווײַס־רויטער פאָן מיטן אָדלער.

סימאָן האָט אַ קוק געטאָן אויף דער רויטער פאָן. די רויטע עסקאַדראָנען זײַנען אַוועקגעריטן. אָבער אָט איז אַרויסגעהאַנגען אַ רויטע פאָן.

די פאַרב פון בלוט, ברידערלעכקײַט און קרויוועשאַפט. פיל טויזנטער זאַכן האָט דער אַלטער סימאָן ניט געוווּסט, נאָר די איינע זאַך האָט ער גראָדע געוווּסט — מע קאָן ניט זײַן עלנט אונטער דער רויטער פאָן.

אַזוי איז עס, ברידער, מע קאָן ניט זײַן עלנט אונטער דער רויטער פאָן. און אַ באַרויִקטער האָט ער אַוועקגעטריבן דאָס בעהיימעלע אַהיים.

# אינהאלט

I

## אלט אונ נײַ



II

## נײַע שטעט



III

## פארשײדענע דערצײלונגענ

На еврейском языке
Э. Каган. Разные рассказы
Государственное Издательство при СНК БССР. Минск 1940 г.

רעדאקטאָר—ז. צירלינ סעק־רעדאקטאָר—י. קאַרפּינאָוויטש

אָפּגעגעבנ אינ דרוק 29 V—40 י. אונטערגעשריבנ צום דרוק 19 XI—40 י.
צאָל דרוק־בויגנ 5. פּאַפּיר 1/32 108×70. צאָל צייכנס אינ א דרוק־
בויגנ 52000. טיראַזש 2000 עקז. באַשט. נומ. 2481. אור565.

דרוקערײ א. נ. סטאַלינ — מינסק.